# מײַן טאַטנס קרעטשמע

פון

## יצחק האַראָװיץ

פאַרלאַג מתנות ניו יאָרק

אַרויסגעגעבן פון
פאַרלאַג „מתנות" ביים
שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט

# MY FATHER'S TAVERN
A Journey to Days of My Childhood
by ISAC HOROWITZ

צייכענונגען פון שלמה לערנער
הילע פון ע. מ. וויינער

Copyright 1953, by
ISAC HOROWITZ
New York, N. Y.

Published by
FARLAG MATONES
22 East 17th Street, New York 3, N. Y.


266

Printed in U.S.A. by
Aber Press, Inc., New York, N. Y.

דאָס בוך איז אַ נסיעה צו מיינע
קינדער־יאָרן — צו אַ קליין פּינטעלע
אויף דער רומענישער ערד, וואו מיין
טאַטנס קרעטשמע איז געשטאַנען.

געווידמעט מיינע ברידער און שוועסטער:
מאיר, שרה, שכר, נתן, יוסף, לייב, דבורה
— אין ליכטיקן אָנדענק פון אונדזער פאָטער
און מוטער, אונדזער שוועסטער רייזל און
אונדזער ברודער משה.

# אינהאַלט



מיין טאַטנס קרעטשמע אין דעם רומענישן דאָרף פּאַפּריקאַן

# די קרעטשמע



ון דרויסן האָט מיין טאַטנס קרעטשמע אויס־
געזען ווי אַ פעסטונג. ס'איז געווען אַ גרוי־
סער פלאַטשיקער מויער מיט קליינע פאַר־
גראַטעוועטע פענצטער, וואָס האָבן זיך
קוים אַרויסגעזען פון די דיקע שטיינערנע
ווענט. איבערן מויער איז געלעגן אַן אַל־
טער ברוינער שינדל־דאַך, באַדעקט מיט מאָך, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ שפּיץ און זיך שיף און נידעריק אַראָפּגע־לאָזט איבער די גרויע טוכלע ווענט. פון דאַך האָט אַרויסגע־שטעקט אַ קליין קיילעכיק פענצטערל מיט אַ פאַרשטויבטע שייבל, וואָס האָט פון ווייטנס אויסגעזען ווי אַ גרוי אויסגע־לאָשן אויג פון אַ פאַרגליווערטן מאָנסטער.

דער קאָרידאָר, וואָס האָט איינגעטיילט דעם מויער אויף צוויי העלפטן, איז געווען געוואַלדיק גרויס. צוליב זיין גרויס פלעגן די פויערן פון דאָרף זיך אָנדערציילן אַן אַ שיעור גוזמות וועגן אים. איין גוזמא איז געווען, אַז אַ פויער איז אַמאָל אַריינגעפאָרן אַהין מיט אַן אָקסן־וואָגן, אויסגעקערע־וועט דעם וואָגן אין מיטן קאָרידאָר, און נישט איבערגעלאָזט אפילו אַ קראַץ אויף די ווענט. אָט אַזעלכע גוזמות. די צוויי טירן פון ביידע זייטן קאָרידאָר זענען געהאַנגען אויף גרויסע אויסגעהאַמערטע זאַוויעסעס און געסקריפּעט ווי טויערן.

ביינאַכט פלעגט מען זיי פאַרשליסן מיט שווערע אייזערנע ריגלען, און ערשט דערנאָך פאַרשפאַרן מיט לאַנגע הילצערנע דריקעס.

דער מויער האָט געהאַט פיר שטובן. דריי זענען גע־ווען צום וואוינען, און אין דער פערטער, לינקס, ביים אריינ־גאַנג, איז געווען די קרעטשמע. אין אמתן אָבער האָבן אַלע שטובן געדינט דער קרעטשמע. וואָרן אַז די קרעטשמע איז געווען באַזעצט, פלעגן די פריצים און אַנדערע יחסנישע פאַר־בייפאָרערס נישט וועלן זיצן אינאיינעם מיט די פויערן. פלעגט מען זיי אָפּגעבן די אַנדערע שטובן.

די קרעטשמע איז געשטאַנען ווייט פון דאָרף. אַרום דער קרעטשמע האָבן זיך געשפּרייט דעם פּריצס גרויסע, רחבותדיקע פעלדער, און קעגנאיבער האָט זיך געצויגן אַ לאַנ־גער, געדיכטער וואַלד. אָבער זומער, ווען די פויערן האָבן געאַרבעט אויף די פעלדער, ווען דער וואַלד האָט צו אונדז אַריבערגעקוקט מיט זיינע גרינע צעוואָקסענע בוימער, און ווען כל־המינים פייגל און בריאהלעך האָבן געזונגען און גע־זשומעט אַרום דער קרעטשמע, איז אונדז געווען אַזוי פריילעך, אַז מיר האָבן נישט געפילט די פאַרוואָרפנקייט פון דער קרעטשמע.

אַחוץ דעם, איז זומער אויך אין קרעטשמע פריילעך געווען. יעדן טאָג פלעגן אָנפאָרן פויערן מיט אָקסן־וועגענער, דאָרף־הענדלער מיט שיין־געפאַרבטע פורלעך, און פריצים מיט לאַקירטע דראָשקעס און אויסגעפוצטע פערד. די פויערן פלעגן זיך אויסזעצן ביי די לאַנגע דעמבענע טישן, זיך מכבד־זיין מיט בראָנפן, דערציילן מעשות און ניסים־ונפלאות פון אונ־טערוועגנס, און די פריצים און דאָרף־הענדלער פלעגן שמועסן ביי די קליינע פאַרשפּרייטע טישלעך, הנאה האָבן פון דער

מאַמעס געקאָכטע און געפּרעגלטע פיש, און פאַרטרינקען מיט ווייַן און שוואַרצע טערקישע קאַווע. און כאָטש די פּריצים האָבן זיך געהאַלטן ווייט פון די דאָרף־הענדלער, און די דאָרף־הענדלער האָבן זיך נישט אָנגעקערט מיט די פּויערן, זענען זיי פונדעסן געווען אַלע אינאײנעם, אין דער זעלבער אויפ־געלעבטער קרעטשמע, אין דער זעלבער שיינער זומערדיקער וועלט, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך פון די ווייטע שטעט און דערפער.

אָבער פרייַלעכער נאָך איז געווען זונטיק. זונטיק פלעגן קיין פאַרבייפאָרערס זיך נישט ווייזן, אַזוי אַז די דאָרפישע פּויערן פלעגן זיך נישט דאַרפן שעמען און צוימען זייער חשק צו פרייַלעכקייט. אחוץ דעם, פלעגט דער טאַטע אויף זונטיק באַשטעלן צוויי קלעזמער, אַ פידלער און אַ קאָב־זאַר, זיי זאָלן שפּילן אַ גאַנצן טאָג און אויסלאָדן די אָנגע־זאַמלטע זאָרגן און דאגות פון די פּויערישע הערצער.

מיר קליינע קינדער פלעגן זונטיק אויפשטייען אַ סך פריער ווי געוויינלעך. מיר פלעגן זיך פלייסן ביים קערן און ראַמען די קרעטשמע, און געווען גרייט צו באַצאָלן פאַר דער זונטיקדיקער פרייד מיט אַלע אַרבעטן וואָס דער טאַטע וועט אונדז צוטיילן.

נאָך דער אַרבעט, האָבן מיר זיך אַוועקגעשטעלט אויפן בריקל פאַר דער קרעטשמע, און געוואַרט אויף די ערשטע יום־טובדיקע פּויערן.

*

אָט שטיי איך און קוק אויף די ווייסע, זון־באַגאָסענע שטיבלעך פון דאָרף. די קליינע ליימענע שטיבלעך זע־

נען פריש געקאָלעכט און באַזוימט מיט רויטע און בלויע פּאַסן אַרום די פענצטער און פריזבעס. זייער זוניקע ווייסקייט פעכלט־אַרויס פון צווישן די גרינע צעוואַקסענע בוימער און שיקט־אָפּ אַ ליבלעכע וואַרעמקייט צו מיר אין האַרצן.

אַ בושל איז נאַרוואַס צוגעפלויגן צו אַ קוימען. ער צעפּאָכעט זיך מיט זיינע ברייטע ווייסע פליגל און פאַרגייט זיך אין אַ לאַנגן געברעקלטן קראַקען.

אַ קליין קעלבל, מיט געלע און ווייסע פלעקן און מיט דינע אויסגעצויגענע פיסלעך, שטייט איינגעגראָבן מיטן קעפּל אין דער מאַמעס אייטער. עס געניסט דעם טאָפּלטן תענוג פון זויגן דער מאַמעס מילך און פון ווערן געלעקט און גע־צערטלט פון דער מאַמעס ווייכער, לאַסטשענדיקער צונג.

אַ ברוינער הונט זיצט אין אַן אָפענעם טויער מיטן קאָפּ איינגעקנעסטלט צווישן די פאָדערשטע פיס. ער קוקט רואיק אויף אַ שערענגע ווייסע קאַטשקעס, וואָס וויגן זיך פּאַמעלעך און בייכיק באַרג־אַראָפּ צו דער קעניצע.

צוויי פויערן, מיט זון אין זייערע ווייסע העמדער, שמועסן איבער אַ פּלויט. זייערע שטימעס קלינגען פריש און נאָענט אין דער לויטערער שטילקייט פון פרימאָרגן. שמועסנדיק, גייען זיי אַרויס פון די הויפן און לאָזן זיך צו דער קרעטשמע.

*

אין קרעטשמע וואַרטן שוין די לאַנגע דעמבענע טישן, פריש־געוואַשענע. די קרעטשמע איז ריין און יום־טובדיק. דער גרויסער ליימענער דיל איז אויסגעקערט און באַ־שפּריצט מיט שיינע געקייטלטע רינגעלעך וואַסער, וואָס אַן

עלטערער ברודער האָט בריה׳ש אויסגעפּלאָכטן מיט דעם גרויסן בלעכענעם שפּריצער. די בראָנפן־פלעשער שטייען פולע און אָפּגעפּוצטע אויף די אויבערשטע פּאָליצעס און פינקלען זיך איבער מיט די אויסגעוואַשענע בראָנפן־גלעזלעך און אויסגעשייערטע בלייענע קווערטלעך, וואָס דער טאַטע האָט צעשטעלט אויפן שענק־טיש אין גלייכע רייען, לויט זייער מאָס.

די צוויי ערשטע אַריינגעקומענע פּויערן זעצן זיך אַוועק ביים טיש, איינער אַקעגן אַנדערן, און באַשטעלן בראָנפן. איינער צאָלט, און דער צווייטער דאַנקט. דערנאָך צאָלט דער צווייטער, און דער ערשטער דאַנקט. מ׳דאַנקט זיך אַזוי לאַנג, ביז די אויגן ווערן פאַרנעפּלט און די צינגער לויז. באַקלאָגט זיך איינער אויף זיין שווערער מערכה, און דער צווייטער זיפצט. און בעת דער צווייטער זיפצט, דאַכט זיך אים אַז ער זיפצט פון זיינע אייגענע צרות.

אין קרעטשמע באַווייזן זיך נאָך פּויערן. טייל קומען אין בינטלעך, טייל באַזונדער, און די ווייבער נאָך זיי אויך אַזוי. די מאַנסבילן זענען אויסגעפּוצט אין פרישע לייוונטענע העמדער, באַצירט מיט אויסגענייטע בלומען און קווייטלעך ביי די קאָלנערס און אַרבל. די העמדער הענגען האַלב אַרי־בערגעוואָרפן איבער די ווייסע געפּאַסטע איצאַרעס און אַרום־געבונדן מיט רויטע וואָלענע גאַרטלען, וואָס זענען באַפינקלט מיט געלע גלאַנציקע פליטערלעך און באַשפּריצט מיט דריבנע קרעלן פון אַלערליי קאָלירן. די יונגע שקאָצים טראָגן שוואַר־צע קאַפּעלושן מיט גלייכע ברייטע ראַנדן און מיט שיינע ווייכע פּאַווע־פעדערלעך אַריינגעשטעקט ביי די זייטן.

די פרויען שפּיצן־אָן די אויערן און ווילן הערן די מאַנס־בילשע רייד. יעדע ווייבע גיבן זיי זיך אַ דריי אַוועק, כלומרשט

צניעותדיקע און פאַרשעמטע, אָבער מיט אַזאַ געשיקטן דריי, אַז די פרעמדע מאַנסבילן זאָלן נישט פאַרפעלן צו זען די עטלעכע קליידלעך וואָס זיי טראָגן איינס איבער ס'אַנדערע אין אַ געמיש פון העלע און רייצנדיקע קאָלירן. זיי טאַפּן זיך כסדר ביי די שיינע קעמעלעך, זיי גלעטן די שנירלעך קרעלן אויפן האַלדז און זיי צערטלען מיט די שפּיץ פינגער די אייגן־אויסגעצייטע יצר־הרעדיקע בלוזעס, כדי זייער חן און בריהש־קייט זאָל נישט פאַרלוירן גייען פון די מאַנסבילשע אויגן.

די טישן ווערן באַזעצט. די גלעזלעך מערן זיך. אַלע טרינקען. אַלע זיפצן.

דער שטילער שמועס פון די פויערן גיסט זיך צונויף אין אַ טומלדיקן אומקלאָרן געראויש. די זעלבע פויערן, וואָס ערשט האָבן זיי גערעדט אַזוי געלאַסן, אַזוי שטיל און בנעימותדיק, זענען שוין איצט צעראַשט און צעפלאַמט. די שוואַכע טרינקערס וויסן שוין נישט וואָס זיי רעדן.

דער טאַטע שטייט ביים שענק־טיש און פאַרשרייבט מיט אַ שטיקל קרייד די גלעזלעך בראַנפן און פלעשער וויין וואָס מיר, קליינע יינגלעך, דערלאַנגען צו די טישן. ווען ער רעכנט אַז אַ פויער האָט שוין „געהאַט גענוג", הייסט ער אונדז איינמאָנען דאָס געלט איידער דער בגלופינ'ער פויער פאַרלירט דעם חשבון.

די פויערטעס זיצן אויף די זייטיקע בענק און וואַרטן, אַז די מאַנסבילן זאָלן זיי מכבד־זיין מיט אַ טרונק. זיי שוש־קען זיך און לאַכן, און ס'איז קאָנטיק אַז זיי רעדן רכילות.

אַ שיכורער פויער שאָקלט־זיך־צו צו זיין ווייב און שטופּט איר אַ גלעזל בראַנפן.

— נאַ, נעם אויך אַ טרונק.

דאָס ווייב רויטלט זיך און באַהאַלט דאָס פּנים אין די הענט.

— נעם, שעם זיך נישט.

זי חנ׳דלט זיך נאָך מער און וויגט מיט די אַקסלען אויף ניין.

דער מאַן פינטלט מיט די אויגן און פאַרשטייט נישט.

— ווילסט טאַקע נישט?

— ניין.

— בנאמנות?

— בנאמנות.

ווען דער מאַן וויל אַוועקגיין, גיט זי אַ כאַפּ דאָס גלעזל פון זיין האַנט און ליידיקט עס אויס מיט איין שלונג.

די צוויי פויערן, וואָס זענען די ערשטע אַריינגעקומען, שטייען אין מיטן קרעטשמע טויט שיכור. זיי האַלטן זיך ביי די אַקסל און ווילן דוקא טרינקען איינער פונעם צווייטנס גלעזל. אָבער דאָס גיט זיך זיי נישט איין. די קערפּערם וויגן זיך, די הענט ציטערן, און זיי קאָנען בשום-אופן נישט צוקומען מיט די גלעזלעך איינער צום אַנדערנס מויל. ענדלעך באַשליסן זיי צו טרינקען פון די אייגענע גלעזלעך. זיי באַנעצן זיך מער ווי זיי טרינקען, און זיי בלייבן ווייטער שטייען וויגנדיקע, מיט די הענט אויף די אַקסל.

— מיכאי, — פרעגט איינער. — וואו ביסטו?

— וואָס הייסט? אָט בין איך דאָך, אלעקו.

— פאַרוואָס-זשע זע איך נישט דיינע אויגן?

— וואָס הייסט? אָט זענען זיי דאָך.

— יאָ, איצט זע איך זיי. אָבער זאָג מיר, מיכאי, פאַר־וואָס זענען זיי אַזוי טרויעריק ביי דיר?

— פאַרוואָס? עך, אלעקו!

— גערעכט, מיכאי. וואָרן ווי זאָלן זיי נישט זיין טרויעריק, אַז אויפן האַרצן איז אַנגעזאָליעט. אָבער פאַר־וואָס, מיכאי? פאַרוואָס זאָל זיין אַנגעזאָליעט אויפן האַרצן?

— פאַרוואָס? עך, אַלעקו!

— גערעכט, מיכאי. בנאמנות גערעכט. וואָרן ווי זאָל נישט זיין אַנגעזאָליעט אויפן האַרצן, אַז אַ גאַנצן זומער האָרעוועט מען ווי אַן אָקס, און קומטווינטער, קלעקט נישט אַפילו אויף אַ קאַפּעלע נאַפט.

— ריכטיק, אַלעקו.

— יאָ, מיכאי, דאַכט זיך ריכטיק, און דאָך נישט ריכ־טיק.

אַלעקו לאָזט פאַלן זיין קאָפּ אויף מיכאיס ברוסט, און צעזינגט זיך הייזעריק:

פרונזע ווערדע, פוסטע ערד
ס'איז מיר נישט געווען באַשערט.

מיכאי כאַפּט־אונטער די דוינע:

פרונזע ווערדע, פעטע ערד,
אפשר וועט נאָך זיין באַשערט.

פון אַ ווינקל שאַרט זיך אַרויס אַ לאַנגער דאַרער צי־גיינער מיט אַ פידל ביים האַלדז. נאָך אים גייט־נאָך אַ צוויי־טער, אַ דיקער און נידעריקער, מיט אַ קאָבזע אין האַנט. דער ערשטער ציט דעם בויגן איבער דער דינסטער סטרונע פון פידל, און די סטרונע וויינט און ציטערט, כליפּעט און קרעכצט, און רייסט אַרויס שטיקער פון די פויערישע הער־

צער. דער צווייטער באַגלייט אים מיט זיין בייכיקער קאָבזע, צימבלט מיט דער גענדזענער פעדער איבער די גראָבע סטרונעס, און פאַרזשומט דעם פידלס כליפּען.

די פויערן זיצן פאַרטשאַדעטע ביי די טישן. דאָ און דאָרט הערט זיך אַן אומעטיקער ניגון מיט אומעטיקע ווערטער. די וואָס קאָנען נישט זינגען, באַגלייטן די דוינע מיט אַ זיפץ און מיט אַ קרעכץ.

די צוויי שיכורע פויערן, וואָס זענען געשטאַנען אין מיטן קרעטשמע, האָבן זיך אַוועקגעשאַרט אין אַ ווינקל. זיי שטייען אַרומגענומען און זיפצן:

— עך, מיכאַי!

— עך, אַלעקו!

אַ יונגער צעפּלאָמטער פויער שפּרינגט אַרויס און צעפּאָכעט זיך מיט די הענט:

— העי, ציגיינער! גענוג געכליפּעט! אַ סירבע!

דער דאַרער ציגיינער גיט אַ בליץ מיט זיינע ווייסע ציין און פאַרוואַרפט דעם קאָפּ אויף אַ זייט. די כליפּענדיקע דוינע צעברעקלט זיך אויף קורצע, אימפּעטיקע טענער, און דעם ציגיינערס פינגער שפּרינגען ווי טאַנצנדיקע פלעקלעך אויף דעם דינעם אויסגעצויגענעם האַלדז פון פידל. דער צווייטער ציגיינער פאַרגראָבט דעם קאָפּ אין זיין בייכיקער קאָבזע, צעקאָכט זיך מיט זיין גענדזענער פעדער — און דער יונגער פויער, איינער אַליין אין מיטן קרעטשמע, וואַרפט און פלעכט די פיס אין אַ פריילעכער סירבע.

די אָנגעצונדענע טענער פון דער סירבע פאַרפּליען אונטער די לאַנגע טישן, זוכן־אויף די פיס פון די שיכורע פויערן און שלעפּן זיי טאַנצן. די פויערן רוקן זיך פּאַמעלעך אַרויס פון די טישן, פאַרלייגן די הענט איינער אויפן אַנ־

דערנס אַקסלען און טאַפּטשען זיך אַריין אין דעם טאַנץ. זיי באַמיען זיך אויפצוכאַפּן דעם טאַקט פון דער סירבע, אָבער די שיכורע וואַקלדיקע פיס לאָזן נישט. נאָר אָט שפּרינגען אַריין די ווייבער אינעם טאַנץ, צעהיצטע און פאַרפּלאָמטע, און די אומבאַהאָלפענע מאַנסבילשע פיס גיסן זיך אָן מיט פרישן כוח. די צוויי ציגיינער שטייען אין מיטן קרעטשמע און שפּילן מיט צעפּלאַקערטע אויגן. די שווערע קערפּערס פון די שיכורע פויערן ווערן וואָס אַמאָל גרינגער און גלייכער. זיי הוידען זיך און שאַרן זיך, זיי דרייען און בויגן זיך, און מיט זייערע גרויסע געקאָוועטע שטיוול קנאַקן זיי אויס כלערליי פריילעכע קונצעלעך אויף דעם האַרטן ליימענעם דיל פון קרעטשמע.

*

אַז דער פריילעכער זומער איז אַוועק, איז געקומען דער שווערער ווינטער מיט זיינע פרעסט און זאַווערעכעס און געבראַכט שטילע, אומעטיקע טעג אין אונזער קרעטשמע. די פויערן זענען געזעסן אין זייערע כאַטעס, זיך געוואַרעמט ביי זייערע אויוונס און זיך געפּוילט אַרויסצוגייען. אין קרעטשמע פלעגן זיי זעלטן קומען, סיידן דער נאַפט אָדער טיטון האָט זיך אויסגעלאָזט. אָבער אַפילו דאַן פלעגן זיי מערסטנס שיקן די קינדער. די קליינע שקאָצים און שיקסלעך פלעגן אַריינלויפן אין קרעטשמע פאַרפרוירענע און פאַרסאַפּעטע, קויפן וואָס זיי האָבן באַדאַרפט, און אַהיימלויפן.

אויך מיר פלעגן ווינטערצייט זיין ווייניק אין קרעטשמע. מיר פלעגן מערסטנס זיצן אין שטוב און האַלטן אַן אויג אויף דער קרעטשמע דורך דעם קליינעם פאַרהאַנגענעם

פענצטערל פון טיר. ארויסגייען פלעגן מיר נאָר דאַן, ווען דאָס גלעקל וואָס איז געהאַנגען איבער דער דרויסנדיקער טיר האָט זיך צעקלונגען און אָנגעזאָגט אַ קונה. אָבער אַפילו דאַן פלעגן מיר לאַנג אין קרעטשמע נישט בלייבן. מיר האָבן זיך גיך אַפּאָרעט מיטן קונה און זיך ווידער אַריינגעכאַפּט אין שטוב.

ווינטער פלעגט שעהנלאַנג קיין לעבעדיקער מענטש זיך נישט ווייזן און קיין מענטשלעך קול זיך נישט הערן. געהערט האָט זיך נאָר דער ווינט וואָס האָט געפייפט אין קוימען, און אַמאָל דאָס הונגעריקע וואָיען פון די טשאַטעס וועלף אין דעם קעגנאיבערדיקן וואַלד.

אין אַזעלכע טעג פלעגן כלערליי בייזע מחשבות אונדז קומען אין קאָפּ. די מאַמע פלעגט כסדר אַרומגייען אַ צע־שראָקענע און פאַרזאָרגטע. זי פלעגט מיט פּחד זיך צוהערן צו יעדן שאָרך פון בוידעם און צו יעדן סקריפּ פון טויער. קוקנדיק אויף איר, פלעגן מיר, קליינע קינדער, זיך אויך אָננעמען מיט שרעק. אירע צעשראָקענע אויגן האָבן אונדז אויסגעזען ווי קליינע מוראדיקע פענצטערלעך, וואָס אָט עפענען זיי זיך אויף און ס'שפּרינגען פון דאָרט אַרויס גע־פערלעכע גנבים און גזלנים מיט ביקסן אין די הענט און מעסערס אין די גאַרטלען.

דער טאַטע האָט ווינטערצייט געלעבט אין גאָר אַן אַנדער וועלט. פאַר אים איז דער ווינטער געווען אַ מחיה־דיקער אָפּרו נאָך אַ לאַנגן און שווער־אָפּגעהאָרעוועטן זו־מער. ער פלעגט אָפּזיצן שעהנלאַנג ביים אויוון, אונטער־געבעטן מיט אַ קישעלע, און זיך קוויקן מיט די ראָמאַנען־העפטן, וואָס האָבן זיך ביי אים אָנגעקליבן אין משך פון זומער. און בעת די מאַמע און די קליינע קינדער האָבן גע־

אַנגסט פון שרעק, האָט דער טאַטע געשוועבט אין אַ וואונ־דערוועלט פון קרישטאָלענע פּאַלאַצן און פאַרליבטע בת־מלכּהס, ווייט פון דער קרעטשמע און פון זיין הויזגעזינט. אויף אונדז פלעגט ער זיך זעלטן אומקוקן, סיידן אַמאָל, צווישן איין העפט און אַ צווייטן. דענצמאָל פלעגט ער באַמערקן דער מאַמעס צעשראָקן פּנים און זי פרואוון באַרואיקן מיט אַ שמייכל. אַז דאָס שמייכל האָט נישט געהאָלפן, האָט ער שוין אויסגעטאָן די ברילן און דערציילט אַ וויץ, אָדער אַ שפּאַסיקע מעשה.

מיר קינדער האָבן געוואוסט, אַז דער טאַטע איז בטבע נישט קיין וויצלער, און דאָס, וואָס ער איז פלוצים געוואָרן וויציק, האָט אונדז נאָך מער איבערצייגט, אַז דער מאַמעס שרעק איז נישט קיין אומזיסטיקער. דאָך, אַז דער מאַמעס פּנים האָט אַביסל אויפגעלויכטן, איז אונדז, קינדער, אויך גרינ־גער געוואָרן אויפן האַרצן. אָבער ווי נאָר דער טאַטע האָט זיך פונסניי פאַרטיפט אין זיינע העפטן, זענען דער מאַמעס אויגן ווידער געוואָרן מוראדיקע פענצטערלעך, און אונדז זענען ווידער געקומען אויפן געדאַנק די גנבים און גזלנים מיט די ביקסן און מעסערס.

אַזוינע שרעקן פלעגן מיר ווינטערצייט דורכלעבן יעדן טאָג, אַחוץ זונטיק. זונטיק האָבן די דאָרפישע פויערן שוין נישט געקאָנט אָוועקשטייען פון דער קרעטשמע. וואָרן די קרעטשמע איז פאַר זיי געווען מער ווי אַ קרעטשמע, מער ווי אַן אָרט צום טרינקען און הוליען. די קרעטשמע איז גע־ווען זייער דאָרפישער זאַמל־פּלאַץ. אַהין פלעגן זיי קומען אַרומרעדן אַלע זייערע דאָרפישע ענינים, און מיט דער הילף פון קרעטשמער פלעגן זיי דאָרט אויספּלאָנטערן אַלע זייערע ספקות און סכסוכים.

דער קרעטשמער איז געווען זייער פריינד און בעל־יועץ. צו אים פלעגן זיי זיך ווענדן מיט זייערע טענות און קריוודעס. פאַר אים פלעגן זיי צוקלאָגן זייערע צעבאַלעוועטע קינדער און שלעכטע שכנים. מיט אים פלעגן זיי זיך עצהן וועגן צווייפלדיקע שידוכים, וועגן ווייטע נסיעות און שטאָטישע מסחרים. פאַר אים פלעגן זיי עפענען זייערע הערצער און אויסלאָדן זייער צאָרן קעגן דעם דאָרפישן פריץ און זיינע משרתים, וואָס פלעגן זיי האַלטן פאַריאָכט און פאַרקנעכט.

דער קרעטשמער איז אויך געווען זייער אויפקלערער אין הלכות פאָליטיק און נאָך אַזעלכע הויכע ענינים, ווייל ער האָט געלייענט גאַזעטן און געוואוסט פון די אַלע זאַכן. פון אים האָבן זיי זיך דערוואוסט וואָס עס קלערן די הויכע מלוכה־לייט, וואָסערע נייע תקנות מ׳האָט אַרויסגעלאָזט, און וואָס עס הערט זיך אַפילו ביים קייסער אין שלאָס. און אַז דער קרעטשמער האָט זיך דערוואוסט פון אַ נייער דערפינדונג, צי אַזוי אַ חדשות, פלעגט ער זיך אַוועקזעצן מיט די פויערן און דאָס אַלץ זיי דערקלערן אויף אַ פשוטן אופן, מיט פשוטע ראיות פון זייער אייגענעם דאָרפישן לעבן.

יאָ, די קרעטשמע איז געווען מער ווי אַ קרעטשמע. זי איז געווען דעם פויערס פענצטער צו דער וועלט, און צו די וואונדער פון דער וועלט. און דער קרעטשמער האָט אַנטפּלעקט פאַרן פויער די וואונדער פון אָט דער גרויסער און אומבאַקאַנטער וועלט, און אים געהאָלפן זיך פילן היימישער אין איר.

דערפאַר, אַז ס׳איז געקומען זונטיק, פלעגן די פויערן שוין נישט קאָנען איינזיצן אין זייערע כאַטעס, און געמוזט קומען צו דער קרעטשמע. איז טאַקע זונטיק די מאַמע נישט אַרומגעגאַנגען מיט צעשראָקענע אויגן. אויך דער טאַטע

פלעגט זונטיק זיך מוזן שיידן מיט דער וואונדערוועלט פון זיינע ראָמאַנען, און ווערן צוריק אַ קרעטשמער.

און דאָך איז אין די ווינטערדיקע זונטיקס נישט געווען אַזוי פריילעך אין קרעטשמע, ווי זומער. ווייל כאָטש די קרעטשמע איז געווען באַזעצט, און כאָטש ס׳האָבן געשפּילט קלעזמער, און ס׳האָט זיך גערעשט, האָט דאָך עפּעס געפעלט. ס׳האָט געפעלט דער זומערדיקער דרויסן. ס׳האָבן געפעלט די ליבלעכע בשמים פון דער זומערדיקער לופט, און דאָס פריידיק געזאַנג און געווימל פון די זומערדיקע בריאהלעך, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן אין קרעטשמע דורך טיר און פענצטער און דערציילט פון גאָטס שיינער, זומערדיקער וועלט.

ווינטער איז די פריילעכקייט פון קרעטשמע געווען אַן אָפּגעשיידטע פון דער וועלט — אַן איינזאַמע, פאַרשלאָסענע פריילעכקייט פון פאַרוואָרפענע מענטשן אין אַ פאַרוואָרפענער און פאַרשנייטער קרעטשמע.

# דער קעלער




ין אָונט, ווען דער טאַטע פלעגט אָנצינדן דעם גרויסן מעשענעם הענג-לאָמפּ פון קרעטשמע, פלעגן לאַנגע מוראדיקע שאָטנס זיך צעוויגן אויף די ווענט. דער בלייכער שיין פון לאָמפּ האָט קוים באַלויכטן דאָס פאָדערשטע ווינקל פון קרעטשמע, און נאָך מער אָנגעוויזן אויף דער פינצטערניש און מרה-שחורה פון די אַנדערע ווינקלען.

צוויי פויערן זענען געזעסן ביים טונקל-באַלויכטענעם טיש, מיט די קעפּ אָנגעשפּאַרט אויף די עלנבויגנס, און שטיל גערעדט. גראַדע דאַן, ווען די פינצטערניש האָט געלויערט און געשראָקן, האָט זיך זיי פאַרגלוסט צו רעדן פון שדים.

— אָט נעם די קרעטשמע, — האָט איינער געזאָגט. — מיינסט אַז דאָ זענען קיין שדים נישטאָ?

דער צווייטער פויער האָט זיך אַרומגעקוקט.

— כ׳מיין נישט דאָ, וואו מיר זיצן. כ׳מיין אונטן, אין קעלער.

ער האָט אים דערציילט אַ מעשה, אַז מיט יאָרן צוריק, ווען מ׳האָט געגראָבן דעם קעלער, איז אַ שטיק ליים אַראָפּ-געפאַלן אויף אַ פויער און אים דערשטיקט צום טויט, און אַז זינט דענצמאָל, ווי נאָר ס׳ווערט נאַכט, באַווייזט זיך דער

גייסט פון יענעם טויטן פויער און שוועבט אַרום איבערן קעלער אין דעם געשטאַלט פון אַ ציג.

דער צווייטער פויער האָט אויסגעשפּיגן און זיך אי־בערגעצלמט.

*

דער פאָדערשטער טייל פון קעלער איז געווען הויך און ברייט און מיט געמויערטע ווענט. דאָרט זענען געשטאַ־נען די פעסער מיט נייעם וויין, אויסגעשטעלט ביי די ווענט. אין אַ זייט זענען געשטאַנען קליינע פעסלעך מיט זויערע אוגערקעס און פּאַטלעזשעלעס, וואָס דער טאַטע האָט איינ־געזייערט. דערלעבן זענען געווען אָנגעשטעלט אַן אַ שיעור באַרקאַניקעס און קליינע קריגלעך מיט מאַרינירטן הערינג, מיט סמעטענע און זיערמילך, וואָס די מאַמע האָט איינ־געשטעלט. לינקס האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע הייל, וואו ס׳זע־נען געלאָפן די פעסער מיט פּאַראַיאַריקן וויין. פון דאָרט האָט זיך ערשט אָװעקגעשניטן אַ שמאָלע און נידעריקע הייל, וואו מ׳פלעגט זיך דאַרפן אָנבויגן און צוקומען צו די פּאָר פעס־לעך מיט גאָר אַלטן וויין. דאָרט האָט דער קעלער זיך גע־ענדיקט.

אָבער די פויערן פלעגן טענהן, אַז דער קעלער איז אַ סך גרעסער, ווייל אַחוץ די באַקאַנטע ערטער געפינען זיך דאָרט נאָך היילן, וואָס זענען מיט יאָרן צוריק פאַרשאָטן גע־וואָרן. זיי זענען געווען זיכער, אַז ווען מ׳זאָל צוקומען צו יענע פאַרשאָטענע ערטער, וואָלטן זיך ערשט געעפנט אַן אַ שיעור אונטערערדישע היילן, וואָס ציען זיך אין פאַרשידענע ריכטונגען, ווייט־ווייט אַוועק.

דער טאַטע פּלעגט זיך אויסלאַכן פון דעם און זאָגן, אַז דאָס זענען פּוסטע מעשׂות. אָבער די פויערן האָבן זיך געהאַלטן ביי זייערס. זיי האָבן זיך געשפּאַרט מיטן טאַטן, זיך געאַמפּערט און געעקשנט און זיך געשוואוירן, אַז אַזוי האָבן זיי געהערט פון זייערע טאַטעס און זיידעס.

מיר, קליינע קינדער, האָבן דווקא געוואָלט גלויבן דעם טאַטן. אָבער אַ געהיימע שרעק האָט אונדז געצוואונגען צו גלויבן די פויערן.

נאָך סוכּות איז געקומען אַ טאָג, ווען די צוויי דרויסנ־דיקע טירן פון קעלער האָבן זיך ברייט צעפּראַלט. דאָס איז געווען דער טאָג, ווען דער קעלער האָט באַדאַרפט אויפנע־מען די פעסער מיט נייעם וויין, וואָס דער טאַטע האָט באַ־שטעלט פאַרן ווינטער.

יענעם טאָג איז געווען אַ שׂמחה אין דאָרף. נאָך איי־דער די בעל־עגלהשע פורן זענען אָנגעקומען, האָבן די פויערן זיך פאַרקליבן פאַר דער קרעטשמע און געוואַרט מקבל־פּנים צו זיין די פולע פעסער וויין. ווען די בעלי־עגלות זענען צו־געפאָרן, האָבן די פויערן זיי אויפגענומען מיט פריילעכע געשרייען. זיי זענען געווען אַזוי דערפרייט און צעראַשט, אַז טייל פון זיי האָבן אַזש אַראָפּגעכאַפּט די קיטשמעס פון קאָפּ.

די פאַר גענייטע פויערן, וואָס דער טאַטע האָט פון פריער באַשטעלט, האָבן זיך באַלד גענומען צו דער אַרבעט. זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט אין קעלער צוויי לאַנגע הילצערנע דריקעס, וואָס זיי האָבן קודם באַשמירט מיט געלע פעטע זייף, כּדי די פעסער זאָלן זיך גרינגער אַראָפּגליטשן. דער־נאָך זענען זיי אַרויפגעשפּרונגען אויף די פורן און פאַר־וואַרפן גראָבע שטריק אַרום די פעסער. זיי האָבן פאַר־

פלאַכטן און פאַרקניפּט די פעסער מיט אַ סך געניטשאַפט, און זיי גענומען אַראָפּלאָזן אויף דער ערד. די אַרומיקע פּויערן האָבן זיך צוגעקוקט מיט געוואַלדיקער שפּאַנונג. זיי האָבן געפילט, אַז זיי האָבן אויך אַ חלק אין די פעסער וויין, און אַז דערפאַר האָבן זיי אַ רעכט צו מישן זיך און געבן עצות. אָבער די געניטע פּויערן, וואָס האָבן זיך מתעסק־געווען מיט די פעסער, האָבן קיין עצות נישט געוואָלט.

— מוחל די עצות, — האָבן זיי געזאָגט. — מיט די פעסער וועלן מיר זיך שוין אַליין אַן עצה געבן. איר געפינט זיך אַנדערע אַרבעטן.

די זייטיקע פּויערן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו די פורן. אַלע, אַפילו די אַלטע לייט און קליינע שקאָצים, האָבן גע־פונען וואָס צו טאָן. זיי האָבן געבראַכט שטיינער און זיי אונטערגעלייגט אונטער די רעדער, זיי האָבן אָנגעפּאַיעט די פערד, זיי אָנגעטאָן די האָבער־זעקלעך אויפן האַלדז, און זיך שטאַרק געפרייט וואָס זיי האָבן אויך אַ חלק אין דער אַרבעט.

דער טאַטע איז געשטאַנען ביי דער זייט און זיך נישט געמישט. ער האָט פאַרשריבן עפּעס אין אַ שוואַרץ ביכעלע און געחשבונט. זיין וואָרט האָט באַדאַרפט קומען שפּע־טער, ווען די פעסער וועלן שוין זיין אין קעלער און מ׳וועט זיי דאַרפן אויסשטעלן לויט זיין פּלאַן. די מאַמע איז גע־שטאַנען לעבן טאַטן און געהיט, אַז די קליינע קינדער זאָלן נישט קריכן צו די פערד און זיך נישט פאַרפּלאָנטערן אין די שטריק.

די רעכטע שווערע אַרבעט איז געקומען דאַן, ווען דאָס ערשטע פאַס איז צוגעקאַטשעט געוואָרן צו די אָפענע טירן פון קעלער. אונטן אין קעלער זענען געשטאַנען צוויי

פויערן און אַרויפגעשריגן וואָס צו טאָן. אויבן, פון ביידע זייטן פאַס, זענען געשטאַנען צוויי אַנדערע פויערן און אויס־געפירט די באַפעלן, וואָס זענען געקומען פון אונטן. ווען דאָס פאַס האָט זיך גענומען גליטשן אויף די אָנגעזייפטע דריקעס, האָבן די אונטערשטע פויערן באַפוילן, וועלכע שטריק נאָכצולאָזן און וועלכע איינצוהאַלטן, כדי דאָס פאַס זאָל זיך גלייך גליטשן. די צוויי דרויסנדיקע פויערן האָבן ערנסט און פינקטלעך איבערגעחזרט די אונטערשטע באַפעלן צו די צוויי לאַנגע רייען פויערן, וואָס האָבן געהאַלטן די צווייערליי שטריק אויסגעצויגן ביז אין מיטן וועג. וואָס טיפער דאָס פאַס האָט זיך אַראָפגעגליטשט, אַלץ ערנסטער זענען גע־וואָרן די פּנימער פון די צוויי דרויסנדיקע פויערן. זייער ערנסט האָט זיך איבערגעטראָגן צו אַלע אַנדערע פויערן, אַפילו צו די ווייבער און קינדער, וואָס זענען געשטאַנען אין אַ זייט און גאָרנישט געטאָן.

די צוויי הילצערנע דריקעס האָבן געסקריפּעט און גע־קרעכצט אונטער דער שווערער משא. די גראָבע שטריק האָבן זיך געשטייפט און זיך גערדיכטער צענויפגעצויגן אין די שטאַר־קע פאַרקלאַמערטע הענט פון די צוויי רייען פויערן.

מיטאַמאָל האָט פון אונטן זיך דערהערט אַ געשריי. דאָס איז געווען אַ געשריי אָן ווערטער, און דאָך אַ פאַר־שטענדלעכער פאַר יעדן איינעם. די ערנסטקייט אויף די פּנימער פון די צוויי דרויסנדיקע פויערן איז פאַרשוואונדן. די שטריק, וואָס האָבן נאָך טיילווייז אַרויסגעשטעקט פון קע־לער, זענען געבליבן הענגען לויז און נאָכגעלאָזן.

דאָס פאַס איז בשלום אַראָפּגעקומען אין קעלער.
אַלע האָבן אָפּגעאָטעמט און געווישט דעם שווייס.

*

ביי אונדז האָט איטלעכער געוואוסט, וואָס פאַר אַ וויין ס׳געפינט זיך אין יעדן פאַס. אַפילו איך, דער סאַמע קלענס־טער יינגל, האָב דאָס אויך געוואוסט. די פעסער פון קעלער זענען מיר געווען אַזוי באַקאַנט, אַז אַפילו מיט פאַרבונדענע אויגן וואָלט איך זיי דערקאַנט. אָבער דאָס דאַרף קיינעם נישט חידושן. יעדער יינגל, וואָס האָט געהאַט אַ טאַטן אַ קרעטשמער, און וואָס איז געלאָפן אין קעלער צאַפּן וויין, האָט דאָס געוואוסט.

אַ פרעמדן וואָלטן די פעסער פון דער זעלבער גרויס אויסגעזען גלייך. אָבער נישט מיר. פאַר מיר זענען קיין צוויי אַלצאיינע פעסער נישט געווען. איטלעך פאַס איז מיר געווען באַקאַנט מיט זיין אייגענעם סימן און אייגענעם ריח. אַפילו די צאַפּנס האָבן פאַר מיר געהאַט זייערע באַזונדערע סימנים. יעדער צאַפּן האָט זיך געלאָזט דערקענען נאָך זיין אייגענעם סקריפּ, נאָך זיין שטייפקייט און לויזקייט, און נאָך אַ סך אַנדערע סימנים, וואָס נאָר אַ קרעטשמערס יינגל קאָן זיי אייך אויסרעכענען.

יאָ, מיט די פעסער האָב איך זיך געפילט היימיש — אָבער נישט מיטן קעלער.

*

די טיר וואָס האָט געפירט צום קעלער, איז געווען אין דעם גרויסן קאָרידאָר, וואָס האָט איינגעטיילט דעם מויער אויף צוויי העלפטן. אַז מ׳האָט געעפנט די טיר, איז מען קודם אַריינגעקומען אין אַ פינצטערן קאַמער. דאָרט האָט דער טאַטע געהאַלטן כלעריי אַלטוואַרג. דאָרט זענען געווען אָנ־געוואָרפן איינס אויף ס׳אַנדערע אַלטע צעריסענע כאָמוטן,

צעפאַלענע פעסלעך, צעפּאָרענע רעדער, אויסגעדינטע בעטן, אַלערליי חרובע שטיקלעך מעבל, און נאָך און נאָך זאַכן, וואָס כאָטש זיי האָבן שוין נישט געטויגט, זענען זיי דאָך צוניץ געקומען. ווען אַן עלטערן ברודער האָט זיך פאַרגלוסט עפּעס צו מאַכן, אָדער פאַרריכטן, האָט ער שטענדיק דאָרט געפונען דאָס פּאַסיקע ברעטל, די ריכטיקע שרויפן און די נויטיקע זאַוויעסעס און קייטעלעך פאַר דער אַרבעט. און אַזוי זענען פון יענעם באַרג מיט אַלטוואַרג געבוירן געוואָרן די שענסטע שאַפּקעלעך, די חנעוודיקסטע בענקעלעך, די ליבסטע וועגעלעך און שליטעלעך, וואָס די עלטערע ברידער פלעגן אויסאַרבעטן מיט גרויס חשק און בריהשאַפט. ערב ווינטער האָט דער טאַטע געלאָזט אָפּריייניקן אַ ווינקל פון קאַמער און געהייסן אַנלייגן אָנגעזעגטע קלעצער און אָנגעהאַקטע שייטלעך האָלץ פאַר די אויוונס. רעכטס פון דער קאַמער-טיר איז געשטאַנען אַ לאַנגער לייטער, וואָס האָט געפירט צום בוידעם, און לינקס זענען געלאָפן די שמאָלע ערדענע טרעפּלעך אַראָפּ אין קעלער.

די פינצטערניש פון קאַמער איז געווען דער ערשטער אָנזאָג פון מוראַדיקן קעלער. דאָס איינציקע שטיקל טרייסט פאַר אונדז קינדער, איז געווען דאָס קליינע ליכטל מיט דעם ציטערדיקן פלעמל, וואָס מיר פלעגן טראָגן אין האַנט. אַז איך האָב באַדאַרפט גייען אין קעלער, האָב איך אין איין האַנט געהאַלטן דאָס ליכטל, און די צווייטע האַנט געשטרעקט פאַראויס. איך האָב געטאַפּט די ליידיקע פינצטערניש אַרום מיר און געהאַט דאָס געפיל, אַז באַלד וועל איך אַנטאַפּן אַ שרעקלעכע זאַך.

ביי טאָג איז דאָס גייען אין קעלער נאָך געווען צו דערליידן. דאָ און דאָרט האָט אַ שמאָלער ליכטיקער פּאַס

זיך דורכגעריסן פֿון אַ שפּאַרונע און זיך אױסגעצױגן אױף אַ פּאַס, אָדער אַ װאַנט. דאָס האָט די פֿינצטערניש פֿון קעלער אַביסל הײמלעכער געמאַכט. בײַנאַכט איז דאָס גײען אין קעלער געװען אַן אָפּקומעניש. װײַל אַחוץ די פֿינצטערניש פֿון קעלער, האָט אױך געשראָקן די פֿינצטערניש פֿון דרױסן און פֿון קרעטשמע. איך האָב געװאוסט, אַז אין קרעטשמע װיגן זיך מוראדיקע שאָטנס אױף די װענט, אַז פֿון יעדן װינקל לױערט שרעק און מרה־שחורה, און װען איך האָב זיך געלאָזט גײען אין קעלער, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די אַלע מוראדיקע שאָטנס און װינקלען קריכן מיר נאָך.

זאָגן דעם טאַטן, אַז איך האָב מורא צו גײען בײַנאַכט אין קעלער, האָב איך נישט געקאָנט. דאָס װאָלט געמײנט, איך אַלײן זאָל זיך מודה־זײַן, אַז איך בין טאַקע נאָך אַ קלײן ײנגל, װי דער טאַטע פֿלעגט זאָגן. און דאָס װאָלט אױך געמײנט, אַז איך דאַרף נאָך נישט טרײַבן קײן פֿערד, אָדער פֿאָרן רײַטנדיק, אָדער טראָגן לאַנגע שטיװעלעך און געניסן נאָך אַזעלכע פֿאַרגעניגנס, װאָס דאָס חיות פֿלעגט מיר אױסגײען נאָך זײ, און װאָס נאָר אַ גרױסער ײנגל האָט אַ רעכט דערצו.

האָב איך געשטיקט אין זיך די מורא און זיך געלאָזט אין קעלער — מיטן ליכטל אין האַנט און מיט דער מורא אין האַרצן.

*

די װײַן־פֿלעשער זענען געװען פֿון פֿאַרשידענע מאָסן. געװען גרױסע בײַכיקע פֿלעשער פֿון אַ ליטער, קלענערע פֿון אַ האַלבן ליטער, און גאָר קלײנע פֿלעשלעך פֿון אַ פֿערטל.

יעדע פלאַש האָט געהאַט אַ גלעזערן רינגל ביים האַלדז, וואָס האָט אָנגעוויזן די ריכטיקע מאָס. אַז מ'האָט אַרויפגעבראַכט אַ פלאַש און דער וויין האָט נישט דערגרייכט ביז צום רינגל, האָט דער קונה זיך געבייזערט און געטענהט, אַז מ'נאַרט אים; און אַז דער וויין האָט דערגרייכט איבער דעם רינגל, האָט דער טאַטע געשריגן און געזאָגט, אַז מ'שטעלט אים בדלות.

אָבער ווער האָט געקאָנט אין זינען האָבן דאָס גלעזערן רינגל אין דער מוראדיקער פינצטערניש פון קעלער? אַז איך בין צוגעקומען צום פאַס אָנצאַפּן וויין, האָב איך גיך אונטערגעשטעלט די פלאַש, אויף גיך אויפגעדרייט דעם צאַפּן, און בעת־מעשה נישט אַראָפּגענומען אַן אויג פון דער אַרומיקער פינצטערניש. און כאָטש די פינצטערניש האָט מיך געשראָקן, האָב איך אָבער געפילט, אַז מיט דעם וואָס איך קוק און שרעק זיך, קויף איך זיך אויס פון אַ גרויסער סכנה.

דאָס וואָס איך האָב געמוזט אַוועקקוקן פון צאַפּן, האָט מיט דער צייט אַזוי שאַרף געמאַכט מיין געהער, אַז פון דעם גערויש וואָס דער וויין האָט געמאַכט אין פלאַש, האָב איך שוין געוווּסט ווען צו פאַרדרייען דעם צאַפּן. עס פלעגט אָבער טרעפן, אַז פון שרעק פלעג איך אויפדרייען דעם צאַפּן צו גיך, און דער וויין האָט אַ זעץ־געטאָן פון פלאַש און פאַרלאָשן דאָס ליכט. ווידער אָנצינדן דאָס ליכט, איז שוין געווען שווער. דער קנויט איז געווען פיטש־נאַס און די שוועבעלעך האָבן דאַן, ווי אויף צו־להכעיס, זיך נישט געוואָלט אָנצינדן. און טאָמער האָט אַ שוועבעלע זיך שוין יאָ אָנגעצונדן, האָט מיין האַנט אַזוי געציטערט, אַז ביז איך האָב עס צוגעטראָגן צום קנויט, האָט זיך עס פאַרלאָשן. דעמצמאָל

פלעגט מיר שווין גאַרנישט ליגן אין זינען — נישט די טענות פון קונה, און נישט די געשרייען פון טאַטן. איך האָב גע־לאָזט לויפן דעם ווײַן ווילדערהייט ביז ער איז אַריבערגערו־נען פון פלאַש, אויף גיך פאַרדרייט דעם צאַפּן, און מיט עט־לעכע שפּרינג זיך געראַטעוועט פון קעלער.

אָבער ווי קומט מען אַרויף צום טאַטן מיט אַזאַ פולער פלאַש?

האָב איך געטאָן ווי אַ שייגעצל, אַ חבר מײַנער, האָט מיך געלערנט. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אין קאָרידאָר און ביים שײַן פון לאָמפּ אָפּגעזופּט דאָס איבעריקע ביסל ווײַן.

פון די ביסלעך ווײַן, וואָס איך פלעג אָפּזיפּן אין די אָוונטן, פלעג איך אָפּט אַרומגייען מיט צעפלאַמטע באַקן. די מאַמע האָט מיך געטאַפּט ביים קאָפּ, און געזאָגט צום טאַטן:

— כ׳האָב מורא אַז דאָס קינד האָט פיבער.

דעם אמתן סוד פון מײַנע צעפלאַמטע באַקן האָט קיי־נער נישט געוואוסט, אַחוץ מײַן חבר, דאָס שייגעצל פון דאָרף.



די דאָרפישע פויערן פלעגן דערציילן, אַז ביי אונדז אין קעלער שוועבט אַרום דער גייסט פון אַ טויטן פויער אין דעם געשטאַלט פון אַ ציג.

# ציגיינער




**ומער** פלעגן זיך אָפּשטעלן ציגיינער ביי אונדזער קרעטשמע. די גרויסע ציגיינערישע בוידן מיט זייערע לייוונטענע בייכיקע דע־כער פלעגן קומען אָנגעלאָדענע מיט ווײַ־בער און קינדער, מיט מאַלפּעס און פּאַ־פּוגייען, מיט קעץ, הינט, עופות און כלערליי אַנדערע באַשעפעניש, וואָס די ציגיינער האָבן איינגעהאַנדלט, אָדער געלאַטכנט, אונטערוועגנס.

אַז די בוידן האָבן זיך אָפּגעשטעלט, האָבן פון אינע־ווייניק זיך אַ שאָט-געטאָן די קליינע ציגיינערישע קינדער האַלב-נאַקעטע, פאַרשמירטע און פאַרניערעטע, און זיך צע־לאָפן איבערן וועג טאַנצנדיק און שפּרינגענדיק, ווי דערפרייטע הינדלעך, וואָס האָבן זיך נאָרוואָס אַרויסגעריסן פון אַ שטייג. די מאַמעס זענען זיי נאָכגעלאָפן, זיי גערופן צוריק צו די בוידן, זיי געטריבן מיט די ברייטע פאָכנדיקע קליידלעך, גע־שריגן און געשאָלטן, און די קינדער האָבן זיך אַרומגעיאָגט צעראַשטע און צעפלאַמטע, און געלעכערט די אויערן מיט זייערע שפּיציקע קולות. די טאַטעס האָבן געשריגן אויף די מאַמעס, זיי געוואָלט איינשטילן, און מיט זייערע אייגענע קולות נאָך גרעסער געמאַכט דעם ליאַרם און געפילדער. אַפילו די פערד ביי די בוידן זענען געוואָרן אומרואיק און

געוואָרפן מיט די העלדזער, געשפּיצט די אויערן, געהירזשעט און געבריקעט מיט די פיס.

מיטאַמאָל איז שטיל געוואָרן. אַ הויכער מיטל־יאָריקער ציגיינער מיט שוואַרצע גערינגלטע וואָנצעס און מיט אַ צע־פינקלט אוירינגל אין זיין לינקן אויער, האָט פּאַמעלעך און ווירדיק אַרויסגעשפּאַנט פון צווישן די בוידן. ער האָט פאַר־לייגט די הענט אויף דער ברוסט און באַפעלעריש אַ פיר־געטאָן די אויגן איבער דער מחנה. אַ שטילער שעפּטשען, ווי אַ לייכטער בלעטער־גערויש פון אַ פלוצימדיק ווינטל, האָט זיך דורכגעטראָגן פון בויד צו בויד:

— דער בולובאַשאַ!

די צעלאָפּענע קינדער האָבן שטילערהייט זיך צוריק־געקערט צו זייערע בוידן און זיך באַהאַלטן הינטער די קלייד־לעך פון זייערע מאַמעס. די טאַטעס האָבן מיט אַ פינגער ביים מויל געוואָרנט די מאַמעס צו זיין שטיל.

דער בולובאַשאַ איז נאָך אַלץ געשטאַנען מיט די הענט אויפן ברוסט. ווען דער לעצטער שאָרך איז פאַרשוואונדן, איז ער צוגעגאַנגען צו מיין טאַטן, וואָס איז געשטאַנען אויף דער שוועל פון קרעטשמע. ער האָט אַראָפּגענומען דעם קאַפּעליוש און זיך איידל פאַרנויגט. דער טאַטע האָט אים געענטפערט מיט אַ שמייכל. דער בולובאַשאַ האָט זיך ווי־דער פאַרנויגט און געבעטן דעם טאַטן, ער זאָל אים לאָזן איבערנעכטיקן מיט די בוידן ביי דער קרעטשמע.

דער טאַטע האָט זיך געקווענקלט. ער האָט נאָך גע־דענקט די ציגיינער, וואָס האָבן נישט לאַנג צוריק איבער־גענעכטיקט ביי דער קרעטשמע. אויך דענצמאָל איז צוגע־קומען אַ שיינער בולובאַשאַ און זיך איידל פאַרנויגט. אָבער

אויף מאָרגן, ווען די ציגיינער זענען אַוועק, האָבן ביי אונדז אין הויף געפעלט אַ שיין ביסל הינער און גענדז.

דער בולובאַשאַ האָט פאַרשטאַנען וואָס דער טאַטע קווענקלט זיך.

— איר דאַרפט נישט מורא האָבן, — האָט ער געזאָגט. — מיינע מענטשן זענען ערלעך.

דער טאַטע האָט זיך נאָך אַלץ געקווענקלט. אָבער ווען ער האָט אַ קוק געטאָן אויף אונדז, קליינע קינדער, און געזען דאָס געבעט פון אונדזערע אויגן, האָט ער שמייכלענדיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

דער בולובאַשאַ האָט זיך נאָך טיפער פאַרנויגט, און געהייסן זיינע ציגיינער אויסשפּאַנען די בוידן.

*

איך און מיין ברודער לייב האָבן זיך באַלד אַ לאָז געטאָן צו די ציגיינער. אונדזער קליין שוועסטערל, דבורהלע, איז אונדז נאָכגעלאָפן. מיר האָבן זי צוריקגעטריבן און געוואָרנט, אַז די ציגיינער וועלן זי צוגנבענען.

— און אייך וועלן די ציגיינער נישט צוגנבענען?

מיר האָבן איר געגעבן צו פאַרשטייען, אַז ציגיינער גנבענען נאָר קליינע קינדער, און אַזוי ווי לייב איז שוין צען יאָר אַלט, און איך וועל באַלד ווערן אַכט, זענען מיר שוין פאַררעכנט פאַר גרויסע און מיר האָבן נישט וואָס מורא צו האָבן.

— גרויסע! — האָט זי אונדז נאָכגעקרימט, און איז אַריין אין שטוב אַ ברוגזע.

לייב איז גלייך אַוועק צו די ציגיינערישע פערד. די

פערד זענען געווען גרויסע, פעטע, מיט ווייכע, רונדע רוקנס. לייב האָט זיי געגלעט, געטאַפּט די שיינע כאָמוטן מיט די געלע מעשענע קנעפּ און זיך געשפּילט מיט די קאָלירטע סטענגעס, וואָס זענען געווען איינגעפלאָכטן אין זייערע גריוועס.

איך בין געשטאַנען לעבן אַ בויד און באַטראַכט אַ פּאַפּוגיי. דער פּאַפּוגיי איז געזעסן אַן אָנגעבלאָזענער אין אַ דראָטן שטייגל, וואָס האָט זיך געוויגט אויף אַ שטריקל.

אַ קליין ציגיינערל איז צוגעלאָפן און מיך געפרעגט:

— ווילסט הערן ווי דער פּאַפּוגיי רעדט?

— יאָ!

— ברענג אַ בייגל!

איך בין אַריינגעלאָפן אין קרעטשמע און געבראַכט אַ בייגל. דאָס ציגיינערל האָט אויפגעגעסן דעם בייגל מיט אַ געוואַלדיקן אַפּעטיט, און זיך גענומען צום פּאַפּוגיי.

— זאָג דעם פּריצל דיין נאָמען.

דער פּאַפּוגיי האָט געשוויגן.

— ווינטש דעם פּריצל געזונט.

דער פּאַפּוגיי האָט אַלץ געשוויגן. דאָס ציגיינערל איז אַרויפגעשפּרונגען אויף דער בויד און גענומען האַרעווען איבערן פּאַפּוגיי. ער האָט אים געשטעלט אַלערליי פראַגן, אים געהייסן נאָכזאָגן ווערטער, אים געקלאַפּט איבערן פּיסקל, גערעדט צו אים מיט גוטן און מיט בייזן, אָבער ס׳האָט נישט געהאָלפן. דער פּאַפּוגיי האָט אַריינגעצויגן דעם קאָפּ אין די פעדערן און געשוויגן. דאָס ציגיינערל איז אַראָפּגעקראָכן פון בויד און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן.

אַ צווייט ציגיינערל, וואָס איז געשטאַנען לעבן אַן אַנ-

דער בויד און געגלעט א מאַלפּע, האָט א וואונק געטאָן צו מיר:

— ווילסט זען ווי די מאַלפּע לאַכט?

— יאָ!

— ברענג אַ צוקערל.

אַ ווײַלע שפּעטער איז שוין דאָס צוקערל געווען בײַ אים אין מויל. אָבער דאָס צווייטע ציגײַנערל האָט אויך קיין מזל נישט געהאַט. ער איז געשטאַנען איבער דער קלייַנער דאַרער מאַלפּע און זיך געבעטן זי זאָל לאַכן. ער האָט געמאַכט צו איר כלערליי העוויות, געפינטלט מיט די אויגן, געקרימט מיט דער נאָז, אַרויסגעשטעקט די צונג, אָבער די מאַלפּע האָט נישט געלאַכט.

די צוויי ציגײַנערלעך האָבן זיך געפילט שולדיק וואָס דער פּאַפּוגיי און די מאַלפּע האָבן זיך פאַרעקשנט. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט מיט שולדיקע אויגן, געביסן די ליפּן, געקראַצט די קעפּ, און געוואָרפן בייזע בליקן אויף די צוויי שטומע באַשעפענישן. מיטאַמאָל, ווי זיי וואָלטן זיך פון פריער אָפּגערעדט, האָבן זיי ביידע זיך אַ שטעל געטאָן אויף די קעפּ — און מיט דעם דאָזיקן קונץ מיר אָפּגעצאָלט פאַרן בייגל מיטן צוקערל.

*

די ציגײַנערישע בוידן זענען געשטאַנען אויף אונדזער מאידאַן — אַ ליידיק שטיק פעלד בײַ דער זייט פון קרעטשמע, וואָס איז געווען אָפּגעטיילט פון וועג מיט אַ גראָבן און אַ בריקל. דאָרט פלעגן אײַנשטייען בעלי-עגלות מיט זייערע פורן, פויערן מיט זייערע אָקסן-וועגענער און נאָך פאַרביי-

פארערס, וואס פלעגן זיך אפשטעלן ביי דער קרעטשמע פאר א לענגערער צייט.

ביי די בוידן האט זיך געראשט. די ציגיינער האבן ארויסגעשלעפט זייערע האמערס און קאוואדלעס, די בלאז־זעק און צוואנגען, די זעגן און אנדערע מכשירים, און זיך גענומען צו זייערע מלאכות. די האמערס האבן אפגעקלונגען אויף די קאוואדלעס, זעגן האבן געקריצט מיט זייערע שארפע שטאלענע ציין, גרויסע בלעכן האבן זיך געכוואליעט, גע־דונערט און געבליצט קעגן דער זון, און וואלקנס פליענדיקע פונקען האבן זיך געטראגן אין דער לופטן. די ציגיינער האבן פלייסיק געארבעט, געשמידט רייפן, געפורעמט פאדקאוועס, אויסגעהאמערט קופערנע פאנען, געשניצט ביינערנע קעמ־לעך, געפלאכטן זיפלעך, און בעת־מעשה זיך געשפארט און געקריגט און געזידלט מיט די מיאוסטע קללות. די ציגיי־נערטעס האבן צעלייגט פייערן, זיי צעבלאזן מיט זייערע ברייטע קליידלעך, און ארויפגעשטעלט גרויסע טעפ און קעס־לען צום קאכן. די קליינע ציגיינערלעך זענען ארומגעשפרונ־גען ווי וועווריקלעך, זיך געריצט מיט די הינט, געיאגט די קעץ, געקראכן אונטער די בוידן, און זיך ארייגעשניטן מיט זייערע דינע שפיציקע קולות אין דעם געפילדער פון זייערע טאטעס און מאמעס.

ווען די פייערן פון דארף האבן זיך דערוואוסט, אז ביי אונדז שטייען־איין ציגיינער, האבן זיי אפגעלייגט זייערע אר־בעטן און זיך געלאזט צו דער קרעטשמע. צוערשט זענען אנגעלאפן די קליינע שקאצים און שיקסלעך, צעפלאמטע און פארסאפעטע, און נאך זיי די טאטעס און מאמעס מיט פולע טארבעס אויף די פלייצעס און קוישלעך אין די הענט.

צווישן די פויערן און ציגיינער איז באלד געווארן א

האַנדל מיט אַ געשריי און גערודער, ווי אויף אַ יאַריד. די פויערן האָבן אָנגעבאָטן די ציגײנער פּאָפּושויענע מעל, פּאַ־סאָלעס, קאַרטאָפּל, שאַפּענע קעז, און די ציגײנער האָבן זיי אָפּגעצאָלט מיט ביינערנע קעמלעך, בערשטלעך, זיפּלעך, האַ־מערס, צוואַנגען און שערלעך. זיי האָבן זיך לאַנג געדונגען, זיך געשפּאַרט און געשוואוירן, געקריגט און איבערגעבעטן, און ווידער געקריגט. די פויערן האָבן זיך געהאַלטן עצות איינע מיט די אַנדערע, זיך געסודעט און געשושקעט, און בעת־מעשה אויסגעפּרואווט די ציגײנערישע סחורה. זיי האָבן זיך געקעמט מיט די קעמלעך, געזיפּט מיט די זיפּלעך, אָפּ־געשוירן שטיקלעך באָרד און וואָנצעס מיט די שערלעך כדי אויסצופּרואוון זייער שאַרפקייט, און ווען זיי האָבן געזען, אַז אַלץ אַרבעט ווי ס׳דאַרף צו זיין, האָבן זיי נאָכגעלאָזט זייער עקשנות און איינגעגאַנגען אויפן מקח.

די ציגײנערטעס האָבן איבערגעלאָזט זייערע פייערן, אינאיינעם מיט די קאָכעדיקע טעפּ און קעסלען, און זיך אויך אַריינגעריסן צווישן די פויערן. זיי האָבן געטראָגן טעשלעך קאָרטן אין די הענט, און מיט זיסע, הכנעהדיקע שמייכע־לעך אָנגעבאָטן די פויערן צו טרעפן זייער מזל. די קליינע שקאָצים און שיקסלעך האָבן געריסן זייערע מאַמעס ביי די פּאָלעס, געצויגן די טאַטעס ביי די אַרבל, און זיי געשלעפּט צו די וואָרזאָגערנס.

אַן אַלטער באַוואָקסענער פויער האָט זיך אַרויסגערוקט און אַ גלעט געטאָן די וואָנצעס. אַ וואָרזאָגערן איז באַלד אויסגעוואַקסן לעבן אים. די וואָרזאָגערין, אַ ברייטע ציגײ־נערטע מיט צעפלאָסענע האָר, מיט אַ צעעפנטן בוזעם און מיט אַ סך שנירלעך קרעלן און זילבערנע מטבעות אויפן האַלדז, האָט פאַרבעטן דעם פויער אויף דער ערד. זי האָט

צעטאַשט די קאָרטן און זיי אויסגעלייגט אין גלייכע רייען. עטלעכע פויערן און פויערטעס האָבן זיך פאַרקליבן אַרום זיי און געקוקט מיט שפּאַנונג אויף די קאָרטן און אויף דער ציגיינערטע. די ציגיינערטע האָט געמורמלט עפּעס צו זיך אַליין, געוואָרפן סודותדיקע בליקן אויף די קאָרטן און אויפן פויער, געמאַכט פאַרשידענע מינעס, צופרידענע און באַזאָרגטע, און דערביי געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ און אויף ניין, ווי זי וואָלט געפירט אַ געהיימען ויכוח מיט זיך און מיט די קאָרטן. זי האָט זיך לאַנג צעזיפצט, און געזאָגט:

— צרות, צרות...

דער פויער האָט טרויעריק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— און מענטשן האָבן דיר שלעכטס געטאָן... אוי, וויפל שלעכטס!

דער פויער האָט געזיפצט.

די ציגיינערטע האָט ווידער צעטאַשט די קאָרטן און זיי ווידער אויסגעלייגט אין גלייכע רייען. איר מינע האָט זיך מיטאַמאָל געביטן.

— אָבער נישט מער... מער וועלן צרות דיין שוועל נישט באַטרעטן... און מער וועלן שלעכטע מענטשן קיין שליטה נישט האָבן...

דער פויער האָט אויפגעשיינט.

— און מזל וועט זיך באַזעצן אין דיין שטוב... און שפּע אויף דיין פעלד... און דו וועסט לעבן זיבן־און־ניינציק יאָר...

דער פויער האָט אָנגעקוואָלן פון די אַלע גוטע בשורות. ער איז געווען זיכער, אַז אַזוי ווי די וואָרזאָגערן זאָגט, אַזוי וועט זיין. ער האָט איר אַריינגעלייגט אַ מטבע אין דער האַנט, און איז אַוועק אַ צופרידענער.

אַן אַלטע איינגעהויקערטע ציגײַנערטע, מיט אויסגע־פּאַלענע ציין און מיט אַ פּנים ווי צעקנייטשטער פּאַרמעט, האָט זיך אַרומגעשאַרט אויף אַ שטעקן. זי האָט געהאַלטן אַ מושל אין האַנט, און אָנגעבאָטן די פּויערן צו טרעפן זייער נאָמען.

— אָט דאָס בין איך אַ בעלן! — האָט אַ יונגער פּויער אויסגערופן. — קום אַהער, באַבעשע.

די אַלטע ציגײַנערטע איז צוגעקומען מיט אַן אויסגע־שטרעקטער האַנט:

— ווייז אַ מטבע.

דער יונגער פּויער האָט אויסגעקראַצט אַ מטבע פון גאַרטל און איר דערלאַנגט. די ציגײַנערטע האָט אים גע־הייסען אַרײַנשעפּטשען זיין נאָמען אין דעם שפּאַלט פון מושל. דערנאָך האָט זי צוגעלייגט דעם מושל צום אויער, און אויס־געררופן:

— וואַסילי!

— נישט געטראָפן.

— טאָ שעפּטשע נאָך אַמאָל אַריין.

דער יונגער פּויער האָט געפאָלגט. די ציגײַנערטע האָט אַ ווײַלע נאָכגעטראַכט, געפינטלט מיט די אויגן, און ווידער אויסגערופן:

— קאָסטאַקע!

— ווידער נישט געטראָפן.

אַ פּויערטע וואָס איז געשטאַנען דערלעבן האָט זיך געוויצלט:

— זאָג איר דיין נאָמען אין אויער, וועט זי טרעפן.

דאָס האָט אַרויסגערופן אַ געלעכטער ביי די אַרומיקע פּויערן, און אַלע האָבן געשפּאַסט פון די צוויי נייע נעמען

וואָס דער יונגער פּויער האָט פּלוצים געקראָגן. די קליינע שקאָצים און שיקסלעך האָבן זיך געפרייט וואָס די ציגיי־נערטע האָט נישט געטראָפן און אונטערגעטאַנצט פון פרייד. די אַלטע ציגיינערטע איז געשטאַנען אַ פאַרשעמטע. זי האָט געקוקט אויפן יונגן פּויער און אויף דער מטבע אין איר האַנט, און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן.

— זאָל זי אָפּגעבן די מטבע! — האָט עמעצער אויס־געשריגן.

— אָפּגעבן! אָפּגעבן!

די ציגיינערטע האָט זיך דערשראָקן און געוואָלט אָפּ־געבן די מטבע.

— דאָס גייט נישט! — האָט דער יונגער פּויער גע־זאָגט און געדרייט מיטן קאָפּ. — האָסט זיך אונטערגענומען, דאַרפסטו טרעפן!

די ציגיינערטע איז געשטאַנען מיט דער אויסגע־שטרעקטער האַנט, געשטופּט די מטבע, אָבער דער יונגער פּויער האָט נישט געוואָלט נעמען. ער האָט געשריגן און זי געסטראַשעט מיט דער האַנט.

דער בולובאַשאַ איז די גאַנצע צייט געשטאַנען פון ווייטנס און זיך צוגעקוקט. ווען ער האָט דערהערט די גע־שרייען, איז ער לאַנגזאַם צוגעקומען און זיך איידל פאַר־נייגט פאַרן יונגן פּויער. דערנאָך האָט ער זיך אויסגעדרייט צו דער ציגיינערטע, און שטרענג אַ זאָג־געטאָן:

— מכשפה! ביסט צו אַלט פאַר אַזעלכע זאַכן. צוריק אין בויד!

דאָס האָט דעם יונגן פּויער איינגעשטילט, און ער האָט אָפּגענומען די מטבע.

די אַלטע ציגײַנערטע האָט זיך צעוויינט, און זיך אַוועק־געשאַרט אַן אײַנגעהויקערטע אויף איר שטעקן.

*

נישט ווײַט אַוועק האָבן עטלעכע פּויערן זיך געדרעשט אַרום אַ ציגײַנער מיט אַ בער. דער בער איז געזעסן אויף די הינטערשטע פּיס, מיט אַ קייט אויפֿן האַלדז. דער ציגײַנער האָט געהאַלטן אין איין האַנט די קייט, און אין דער צווייטער אַ פּייקל. דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום בער. אַ קליין ציגײַנערל איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ קאַפּעליוש אין האַנט און געבעטן מטבעות. ווען קיינער האָט מער קיין מטבעות נישט געגעבן, האָט דער ציגײַנער אַרײַנגעשטופּט אַ שטיקל צוקער דעם בער אין מויל אַרײַן, און זיך צע־זונגען:

טאַנץ מאַרטיני, הויב די פּיס,
צוקער איז דאָך אַלץ נאָך זיס —
דיכאַי! דיכאַי!
נאָר דאָס לעבן, אוי ווי שווער,
אי פֿאַר מענטש און אי פֿאַר בער —
דיכאַי! דיכאַי!

דער בער האָט זיך געריסן פֿון דער קייט, געברומט און געשטשירעט די ציין. אָבער דער ציגײַנער האָט ווײַטער געזונגען און צוגעקלאַפּט מיטן פּייקל. מיטאַמאָל האָט דער בער זיך אויפֿגעשטעלט אויף די הינטערשטע פּיס און זיך גענומען וויגן. דער עולם האָט אויסגערופֿן מיט התפּעלות:

— ער טאַנצט!
— בנאמנות, ער טאַנצט!

אַ טײל פּויערן זענען געװאָרן אַזױ נתפּעל פֿון דעם בערס טאַנצן, אַז זײ האָבן געװאָרפֿן די קיטשמעס און די קאַפּעלושן אין דער לופֿטן. דאָס קלײנװאַרג האָט געקװיטשעט און געפּלעסקעט מיט די הענט.

דער בער האָט זיך נאָך מער צעװיגט. ער האָט גע־ביטן אַ פֿוס אױף אַ פֿוס, זיך געדרײט אױף רעכטס און אױף לינקס, זיך געהעצקעט, און נישט אױפֿגעהערט ברומען און שטשירען די צײן.

דער ציגײנער האָט זיך נאָך שטאַרקער צעזונגען:

אײנער לאַכט און אײנער װײנט,
און אַ דריטער איז פֿאַרשטײנט —
דיכאַי! דיכאַי!
טאַנץ מאַרטיני, אַט אַזױ,
ביסט דאָך גרינגער פֿון אַ פֿלױ —
דיכאַי! דיכאַי!

דער ציגײנער האָט געגעבן דעם לעצטן קלאַפּ מיטן פּײקל, און באַפֿױלן דעם בער צו באַדאַנקען דעם עולם. דער בער האָט זיך אױסגעצױגן אױף דער ערד, מיט די פֿיס אַרױף, זיך דורכגעקאַטשעט אַ פּאָר מאָל אױפֿן רוקן — און אױף אַזאַ אופֿן זיך „פֿאַרנױגט פֿאַרן עולם".

די פֿאַרשטעלונג מיטן בער האָט געהאַט נאָך אַ טײל, אױף װעלכן די פּױערן האָבן געװאַרט.

— װעמען טוט װײ די קרײזשעם? — האָט דער ציגײנער אַ פֿרעג געטאָן.

אַ פויערטע האָט אָנגעוויזן אויף איר מאַן:

— שוין באַלד צוויי וואָכן אַז ער קאָן זיך נישט אויס־גלייכן.

איר מאַן, אַ קליינער קלעצלדיקער פויער, איז געשטאַ־נען הינטער איר אַן איינגעבויגענער און פאַרזויערטער.

— זאָל ער צוקומען! — האָט דער ציגיינער געזאָגט. איך וועל דורכפירן מיין בער איבער זיינע פּלייצעס און ער וועט אויפשטייען אַ געזונטער.

די פויערטע האָט געשטופּט איר מאַן צום בער, און ער האָט זיך געריסן אויף צוריק.

— האָב נישט מורא, — האָט דער ציגיינער צו אים געזאָגט. — מיין בער האָט לייכטע פיסעלעך.

ביי די ווערטער „לייכטע פיסעלעך", האָט דער עולם אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער. דער קליינער פויער האָט זיך נאָך טיפער באַהאַלטן הינטער זיין ווייב. צוויי יונגע שקאָצים האָבן פּלוצים אַ כאַפּ געטאָן דאָס קליינע פויערל אויף די הענט און אים צוגעטראָגן צום בער. דאָס פויערל האָט זיך געוואָרפן און געצאַפּלט און געשריגן מיט באַנו־מענע קולות. די שקאָצים האָבן אים אויסגעצויגן אויף דער ערד, מיטן פּנים אַראָפּ, און אים צוגעהאַלטן ביי די הענט און פיס. דער ציגיינער האָט אים איבערגעדעקט מיט אַ קאָלדרע, און פּאַוואָליע דורכגעפירט דעם בער איבער זיין פּלייצע. דאָס פויערל האָט געקוויטשעט און געוואָלדעוועט, געקרעכצט און געאויקעט, אָבער אַ ווײַלע שפּעטער איז ער אויפגעשפּרונגען אַ גלייכער און געזונטער.

*

פּאַרנאַכט זענען די פּויערן זיך צעגאַנגען אַהיים. די ציגיינער האָבן באַהאַלטן זייערע מכשירים אין די בוידן, און זיך געזעצט עסן. נאָכן עסן האָבן זיי צעלייגט פרישע פייערן. זיי האָבן געשיקט דאָס קליינוואַרג שלאָפן, און אַליין האָבן זיי זיך אויסגעזעצט אַרום די פריילעכע פייערן, מיט די פיס אונטער זיך, און געזונגען ביז שפּעט אין דער נאַכט.

מיר, קליינע קינדער, זענען געלעגן אויף אונדזערע געלעגערס און נישט געקאָנט איינשלאָפן. ס׳האָט זיך גע־וואָלט לאַנג ליגן און הערן דאָס פריילעך געזאַנג פון די צי־גיינער אין דער שפּעטער שעה.

אויף מאָרגן, ווען מיר זענען אויפגעשטאַנען, זענען די ציגיינער שוין נישט געווען. געבליבן איז נאָר דאָס אויס־געלאָשענע אַש אויף די ערטער וואו זייערע פייערן האָבן געברענט.

דער טאַטע איז אַרום אין הויף און זיך אומגעקערט מיט אַ שמייכל:

— וואָדען... ס׳פעלן שוין ווידער אַ פּאָר הינער און גענדז.



טאַנץ מאַרטיני, אָט אַזוי,
ביסט דאָך גרינגער פון אַ פלוי —
דיכאַי! דיכאַי!

# וועלף

## א



ין די ווינטערדיקע פרימאָרגנס, ווען דער טאַטע פלעגט עפענען די קרעטשמע, פלעגן קומען פויערן פון דאָרף און זיך קלאָגן אויף דעם ביינאַכטיקן שאָדן פון די וועלף. זיי זענען געזעסן פאַרזאָרגטע אויף די בענק פון קרעטשמע און באַקלאָגט די פאַרצוקטע שאָף און די צעביסענע קי און קעלבלעך. מיר, קליינע קינ־דער, פלעגן זיך צוהערן מיט שרעק צו זייערע רייד, און ביי־נאַכט, ווען דער טאַטע האָט פאַרמאַכט די קרעטשמע, פלעגן מיר זיך אונטערגנבענען צו די דרויסנדיקע טירן און טאַפּן די ריגלען.

און טאַקע צוליב די וועלף, וואָס פלעגן אָנטאָן שאָדן, האָט דאָס דאָרף איינגעפירט די ביינאַכטיקע וואַך. יעדע נאַכט פלעגט אַן אַנדער פויער מוזן היטן דאָס דאָרף. דער שומר האָט געהאַט זיין פּאָסטן אין דרויסן פאַר דער קרעטש־מע, ווייל די קרעטשמע איז געווען נאָענט צום וואַלד, וואו די וועלף פלעגן זיך אויפהאַלטן. אַן אַנגעפּעלצטער און מיט אַ גרויסן אָקסענעם האָרן אויף די אַקסל האָט דער שומר גע־מוזט שטייען אַ גאַנצע נאַכט אויף זיין פּאָסטן, אפילו אין די

גרעסטע פרעסט און זאווערעכעס. פון צייט צו צייט פלעגט ער צוטראָגן דעם האָרן צום מויל און דורכבויערן די לופט מיט אַ לאַנגן אויסגעצויגענעם פייף, וואָס דאָס האָט באַדאַרפט אָנשרעקן די וועלף און זיי פאַרטרייבן פון די דאָרפישע הויפן.

אָבער דער שומר מיט זיין האָרן האָט ווייניק געהאָלפן. אינדערפרי, אַז דער טאַטע האָט געעפנט די קרעטשמע, זענען געקומען די פויערן און זיך ווידער געקלאָגט אויף די וועלף. געהאָלפן האָט דאָס נאָר אונדז, קליינע קינדער. וואָרן ביינאַכט, ווען מיר פלעגן הערן דעם שומרס האָרן, פלעגט אונדז ווערן היימלעכער אויף אונדזערע געלעגערס.

*

די בעלי־עגלות און דאָרף־הענדלער, וואָס פלעגן ווינטער זיך אָפּשטעלן ביי אונדזער קרעטשמע, פלעגן זיך אויך קלאָגן אויף די וועלף. זיצנדיק ביי די טישן, פלעגן זיי זיך אָנדערציילן כלערליי מוראדיקע געשיכטעס, ווי אַזוי גאַנצע טשאַטעס וועלף זענען זיי באַפאַלן, און ווי אַזוי זיי האָבן זיך קוים מיט ניסים געראַטעוועט פון זיי.

מיט קיווע דעם בעקער, וואָס פלעגט אונדז ברענגען ברויט און בייגל, האָט אויך געטראָפן אַזאַ נס.

קיווע איז געווען אַ קליין יידעלע, אַ קליינס און אַ דאַרס. ער האָט געהאַט פיצעלעך בלויע אויגעלעך, שמאָלע געלע וואָנצעס און אַ געל שיטער בערדל, וואָס איז אים געוואַקסן כמעט אויף אַ זייט. ווינטער, ווען ער פלעגט אַריינקומען מיט זיין לאַנגן שעפּסענעם פעלץ, מיט די הויכע שטיוול און מיט זיין גרויסער אויפגעשפּיצטער קיטשמע, האָט ער

אויסגעזען אַ סך העכער און דיקער ווי אין דער אמתן. אַפילו זיין דין קולכל, וואָס פלעגט געוויינלעך קוויטשען און לעכערן די אויערן, האָט דאָן געקלונגען טיפער און גרעבער. אָבער אַזוי גיך ווי קיווע האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די אַלע שווערע ווינטערדיקע בגדים און זיך אָוועקגעשטעלט וואַ־רעמען ביים אויוון, האָט מען ווידער פאַר זיך געזען דאָס קליינע דאַרע יידעלע מיט דעם קליינעם אויסגעמאָגערטן גופל.

יענעם טאָג, ווען דער נס איז מיט אים געשען, איז קיווע צו אונדז געקומען מיט אַ ליידיקן שליטן. ווען דער טאַ־טע האָט אים געפרעגט, וואו דאָס ברויט און די בייגל זענען אַהינגעקומען, האָט קיווע פאַרקוועטשט די קליינע אויגע־לעך, און אַרויסגעקוויטשעט מיט זיין געוויינלעך שפּיציק קולכל:

— די וועלף!

— כ׳פאַרשטיי נישט, — האָט דער טאַטע געזאָגט. — פון ווען־אָן עסן וועלף ברויט און בייגל?

קיווע האָט זיך נאָך שטאַרקער צעקוויטשעט:

— נישט דאָס מיין איך!

ער האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דעם לאַנגן שעפּסענעם פּעלץ, אויסגעטאָן דעם וואַטענעם שפּענצער, אַראָפּגעשיילט די עטלעכע וועסטן און לייבלעך, וואָס ער האָט געטראָגן איינס איבער ס׳אַנדערע, זיך אַוועקגעשטעלט ביים אויוון, און דערציילט וואָס מיט אים האָט געטראָפן.

איבערגעבן קיוועס רייד, איז נישט מעגלעך. ער האָט געהאַט אַ לשון, וואָס אַ פרעמדער האָט עס בשום־אופן נישט געקאָנט פאַרשטייען. זיין לשון איז באַשטאַנען פון אַ געלאַף פון ווערטער, וואָס ער האָט האַלב אויסגעשפּיגן און האַלב

איינגעשלונגען. אָבער מיר האָבן קיווען גוט געקאָנט און אים פאַרשטאַנען. ס׳הייסט, פאַרשטאַנען האָבן מיר נישט וואָס ער זאָגט, נאָר וואָס ער מיינט. מיר האָבן דאָס פאַר־שטאַנען דער עיקרשט פון זיינע מינעס און העוויות.

דערפאַר וועט איר פאַרשטייען, פאַרוואָס איך גיב אייך דאָ איבער נישט די רייד, נאָר דעם טייטש פון קיווען גע־שיכטע.

קיווע האָט פאַרלאָזט זיין שטעטל גאַנץ קאַיאָר. אין דרויסן איז נאָך געווען פינצטער. די ביינאַכטיקע זאַווערע־כע האָט זיך איינגעשטילט און איבערגעלאָזט אַ טיפן צע־שויבערטן שניי, וואָס האָט פאַרמעקט יעדן סימן צווישן וועג און פעלד. אַ שטיקל צייט האָט קיווע זיך פאַרלאָזט אויף די באַקאַנטע סימנים: די מיל אויסערן שטעטל, אַ שטיבל אין פעלד, די טעלעגראַף־סלופּעס. אָבער באַלד זענען די דאָ־זיקע סימנים אויך פאַרשוואונדן. געבליבן איז נאָר אַ פּוסטע וויסטעניש, אַן אומבאַקאַנטער חלל פון נאַכט און שניי. קיווע איז ווייטער געפאָרן, אָבער ער האָט שוין נישט געוואוסט וואו ער פאָרט.

מיטאַמאָל איז פאַר קיווען אויגן אויסגעוואַקסן אַ באַרג. ווי קומט אַהין אַ באַרג, האָט קיווע געקלערט. הכלל, ער האָט געבלאָנדזשעט.

קיווע האָט אָפּגעשטעלט דאָס פערד און געבוירעט מיט די אויגן די פרעמדע, אומבאַקאַנטע פינצטערניש אַרום זיך. ער האָט אָבער גאָרנישט געזען. ער האָט אָנגעשפּיצט די אויערן, געוואָלט אויפכאַפּן אַ קול אָדער אַ קלאַנג, וואָס זאָל אים געבן אַ סימן. ער האָט אָבער גאָרנישט געהערט. קיווע האָט אָפּגעלאָזט די וואַשקעס און זיך אינגאַנצן איבער־געגעבן אין רשות פון זיין פערד. ווען דאָס פערד האָט דער־

פילט די לויזע וואשקעס, האט עס פון זיך אליין זיך אויס-געקערעוועט אויף צוריק און זיך פארנומען מיט דעם זעלבן וועג, וואס קיווע האט נארוואס אויסגעטראטן מיט זיין שליטן. א ווײַלע שפעטער האט דאס פערד זיך אפגעשטעלט. קיווע האט זיך נישט געמישט. ער איז געזעסן אין שליטן מיט די הענט אריינגעשטעקט אין די ארבל פון זיין פעלץ און געווארט. מיטאמאל האט דאס פערד זיך א ריס-געטאן פון ארט, זיך פארקערעוועט רעכטס, דערנאך לינקס — און אט האט קיווע דערזען, אז ער איז אויפן ריכטיקן וועג.

אבער קיווע האט בעת-מעשה נאך עפעס דערזען. ער האט באמערקט, אז נישט ווייט פון אים האבן קליינע שאר-פע פייערלעך זיך פלוצים צעבליצט. קיווע האט דערפילט א היץ אין קאפ. ער האט א שמיץ געטאן דעם פערד און זיך אפגעטראגן פון די בליציקע פייערלעך. אבער די פייערלעך האבן אים נאכגעיאגט. קיווע האט געוואוסט, אז דאס זע-נען וועלף. ער האט געוואלט שרייען, רופן הילף, ער האט אבער געוואוסט, אז קיינער וועט אים נישט הערן. ער איז נאך געווען ווייט פון דארף, און ווייט אפילו פון דער שא-פערײַ מיט אירע פאסטעכער און הינט.

ווען די וועלף האבן ווידער אנגעיאגט דעם שליטן, האט קיווע א טראכט געטאן פון דעם געבעקס. ער האט אויפ-געבונדן דעם גרויסן זאק מיט ברויט און אראפגעווארפן א לעבל. די וועלף האבן זיך אווארף געטאן אויפן לעבל ברויט, א ווײַלע זיך געבארעט, און זיך ווידער געיאגט נאכן שליטן. קיווע האט אראפגעווארפן א צווייט לעבל ברויט, און די וועלף האבן זיך ווידער אפגעשטעלט. ווען ער האט געזען אז די וועלף לאזן זיך נארן, האט ער גענומען ווארפן איין לעבל ברויט נאכן אנדערן און געהאפט, אז אים וועט גע-

לינגען אַזוי אַרום אָפּציען די וועלף ביז ער וועט צוקומען צום דאָרף, אָדער כאָטש צו דער שאַפּעריי.

אָבער אָט האָט דאָס ברויט זיך אויסגעלאָזט. קיווען איז געבליבן נישט מער ווי דאָס קליינע זעקל בייגל, וואָס איז געלעגן ביי זיינע פיס. ער האָט געוואָלט ראַטעווען כאָטש די בייגל, אָבער ווען ער האָט נאָך אַמאָל דערזען די וועלף ביים שליטן, האָט ער גענומען וואַרפן בייגל מיט ביידע הענט. די וועלף זענען געשפּרונגען אויף די צוגעוואָרפענע בייגל, זיך געשטויסן איינע אין די אַנדערע, געוואָרן צערייצט, און זיך ווידער געיאָגט נאָכן שליטן.

פּלוצים האָט קיווע דערהערט אַ בילן פון הינט. אין דער זעלבער רגע האָט ער אויך דערהערט זיין אייגן געשריי:

— וועלף!

די הינט האָבן זיך נאָך שטאַרקער צעבילט. באַלד האָט קיווע אויך דערזען די שאָטנס פון עטלעכע פּאַסטעכער, וואָס זענען געלאָפן פון דער שאַפּעריי מיט געשרייען און מיט שטעקנס אין די הענט. דאָס בילן פון די הינט און די קולות פון די פּאַסטעכער האָבן זיך אויסגעמישט מיט דעם וואָיען פון די וועלף אין אַ מוראדיקער בהלה. קיוועס פערד האָט פאַרריסן דעם קאָפּ, זיך צעהירזשעט און זיך צעיאָגט מיטן שליטן.

אַ ווײַלע שפּעטער, ווען קיווע האָט זיך אומגעקוקט, האָט ער געזען ווי די גרויסע פּאַסטעך־הינט וואַרפן זיך אויף די וועלף, בייסן זיי מיט רציחה און קנוילן זיך מיט זיי אין אַ ווילדן געראַנגל אויף לעבן און טויט.

קיווע איז שוין געווען נאָענט צום דאָרף. פון וויטנס האָט ער נאָך געהערט די בהלה פון די הינט און וועלף, אָבער

קיין סכנה האָט ער שוין נישט געפילט. דאָס פערד איז געגאַנגען פּאַמעלעך באַרג־אַרויף, באַגלייט פון דער אייגע־נער פּאַרע, וואָס האָט אַרויסגעשלאָגן פון דעם צעהיצטן און פאַרשווימטן קערפּער.

אין דאָרף האָט דאָ און דאָרט זיך געזען אַ קליין באַ־לויכטן פענצטערל, וואָס האָט צעזיפּט אַ ווייכן שיין איבערן שניי. די קליינע דאָרפישע שטיבלעך האָבן זיך גענומען אַרויסשיילן פון דער טונקעלער פרימאָרגן־גרויקייט, און קיווע האָט געטראַכט מיט ליבשאַפט פון די פּויערן וואָס וואוינען אין זיי.

דער טאַטע האָט אויסגעהערט קיוועס געשיכטע, און מער נישט דערמאָנט דאָס ברויט און די בייגל.

ב

מיט מיר האָט אויך געטראָפן אַ מעשה מיט וועלף.

דאָס איז געווען אויפן וועג קיין יעפּורען, אַ שבֿניש דאָרף, וואו דער טאַטע האָט געהאַט נאָך אַ קרעטשמע.

די קרעטשמע פון יעפּורען איז געפירט געוואָרן פון צוויי עלטערע ברידער. די סחורה פלעגט אָבער דער טאַטע זיי צושטעלן. יעדע וואָך פלעגט אונדזער דינער, דער אַלטער ניקוליי, איינשפּאַנען דאָס פערד און זיי אָוועקפירן די נויטיקע סחורה. אָבער קיין בראָנפן האָט דער טאַטע דעם אַלטן ני־קוליי נישט געטרויט. דאָס איז געווען זינט דענצמאָל, ווען ניקוליי האָט אויפן וועג אויפגעשטאָפּט דאָס פעסל און זיך צוגעכאַפּט צום בראָנפן. ער האָט אַריינגעשטעקט אַ גומי־קישקעלע אין פעסל און געזויגן בראָנפן אַזוי לאַנג, ביז ער איז געבליבן ליגן אַן איינגעשלאָפענער לעבן פעסל, מיטן קיש־

קעלע אין מויל. פון דענצמאַל־אָן, אַז ניקוליי האָט באַדאַרפט פירן אַ פעסל בראָנפן, האָט דער טאַטע שטענדיק מיטגעשיקט אַ שומר.

איינמאָל איז די דאָזיקע שליחות פון אַ שומר געפאַלן אויף מיר.

די מאַמע האָט מיך צוגעגרייט צו דער נסיעה. זי האָט מיר אָנגעטאָן צוויי גראָבע לייבלעך, און איבער די לייבלעך אַ שפּענצער, און איבער דעם שפּענצער אַ שעפּסן פּעלצל. דערנאָך האָט זי מיר אָנגעטאָן אַ גרויסע קיטשמע אויפן קאָפּ און מיר פאַרבונדן דעם האַלדז מיט אַ לאַנגן וואָלענעם שאַרפל. דאָס שאַרפל האָט זי עטלעכע מאָל אַרומגעדרייט אַרום מיין האַלדז, יעדן דריי אַלץ העכער און העכער, כמעט ביז צו דער קיטשמע. ווען איך האָב זיך אַריינגעזעצט אין שליטן, האָט זי מיר פאַרוויקלט די פיס מיט צוויי זעק, און ערשט דער־נאָך מיך איינגאַנצן אַרומגעוויקלט מיט אַ וואָלענער קאָלדרע. פאַרן אָוועקפאָרן, האָט די מאַמע מיך ווידער באַטראַכט און באַשלאָסן, אַז איך בין נאָך נישט געניג באַוואָרנט קעגן דער קעלט. זי האָט נאָך טיפער אַראָפּגערוקט מיין קיטשמע, נאָך העכער אַרויפגעצויגן די קאָלדרע, און איבערגעלאָזט נישט מער ווי אַ קליין שפּעלטל פאַר מיינע אויגן, וואָס האָבן באַ־דאַרפט היטן דאָס פעסל און דעם אַלטן ניקוליי.

ניקוליי האָט געדינט ביי אונדז אַ סך יאָרן. ער איז גע־ווען אַ זקן, קרוב צו אַכציק, אַ קליין־געוויקסיקער, אַ קורצ־זיכטיקער און אַ טויבלעכער. ער פלעגט שטענדיק גייען איינגעבויגן, ווי ער וואָלט געטראָגן אַ שווערן זאַק אויף די פּלייצעס. זיין פּנים איז געווען באַוואָקסן מיט אַ געדיכטע־ניש פון גרויע צעפּלאָסענע האָר, וואָס האָבן זיך בשום־אופן נישט געלאָזט אָפּטיילן אויף באָרד און וואָנצעס. און מחמת

דעם וואָס ער האָט שוין קיין צייַן נישט געהאַט, האָט מען זייַנע ליפּן אויך נישט אַרויסגעזען. ביים עסן, אָדער ביים פּיפּקען די ליולקע, פלעגט זייַן האָריק פּנים זיך קנייטשן און פאַלבן, ווי אַ שמויסל וואָס מ׳קנעט אין האַנט.

אָבער כאָטש ניקוליי איז געווען אַלט און געבויגן, פלעגט ער אָפּטאָן אַ וועלט מיט אַרבעט. ער פלעגט זעגן האָלץ און טראָגן וואַסער, קערן דעם הויף און רייניקן די שטאַלן, שלעפּן פעסלעך אין קעלער און זעק אויפן בוידעם. דערצו האָט קיינער אים נישט באַדאַרפט זאָגן וואָס צו טאָן. ער האָט אַליין געטראָגן די זאָרג און די אחריות פאַר אַלע אַרבעטן, ווי אַן אייגענער מענטש.

און טאַקע דערפאַר וואָס ער האָט זיך באַטראַכט ווי אַן אייגענער מענטש, האָט אים פאַרדראָסן וואָס דער טאַטע שיקט מיט אים מיט אַ שומר. בפרט נאָך אַז ער האָט צוגע־זאָגט, אַז מער וועט ער דאָס גומי־קישקעלע נישט מיטנעמען. אָבער דער טאַטע האָט משמעות זיך געהאַט זייַן אייגענעם חשבון.

*

מיר האָבן זיך אַרויסגעלאָזט קיין יעפּורען גאַנץ פרי. דער הימל איז נאָך געווען בלוי און אויסגעשטערנט ווי אין מיטן נאַכט. אַ קלאָרע שאַרפע לבנה האָט זיך געיאָגט אי־בערן הימל און געאיילטערהייט זיך געשפּילט אין באַהעל־טעניש מיט אַ פּאָר קליינע דורכזיכטיקע וואָלקנס, וואָס זע־נען נאָך פאַרבליבן פון דעם בייַנאַכטיקן געוויטער. אויפן וועג און אויף די דערבייַיאיקע פעלדער איז געלעגן אַ גלאַ־

טער געפּרווירענער שניי, וואָס האָט געבליסטשעט קעגן דער לבנה. די לופט איז געווען שטיל און פּראָסטיק.

ניקוליי איז געזעסן פאָרנט און איך הינטערן פּעסל, אויסגעבעטן אויף שטרוי. דאָס פערד איז געלאָפן מיט אַ גלייכן שפּאַן און זיך צוגעשפּילט מיט די צוויי רייען גלעקלעך, וואָס זענען געהאַנגען אויף זיין האַלדז. די גלעקלעך האָבן פריילעך געקלונגען אין דער אומהיימלעכער שטילקייט פון דעם בלוילעך־ווייסן פרימאָרגן.

מיר זענען שוין געווען וויים פון דאָרף. דער שליטן האָט זיך געגליטשט און געוויגט ביי דער זייט פון באַרג, וואָס האָט פאַרשטעלט דאָס דאָרף. מיטאַמאָל איז מיר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק: וועלף! איך האָב נישט פאַרשטאַנען פון וואַנען דער געדאַנק איז געקומען. האָב איך געקלערט, אַז דאָס איז מסתם נישט מער ווי שרעק. איך האָב געפּרוּווט פאַרטרייבן דעם געדאַנק, און אַפילו זיך געמוסרט פאַר מיין שרעק, ווי איך פלעג דאָס אָפט טאָן אויף מיינע ווינטערדיקע נסיעות. דאָס אויסמוסרן זיך פלעגט מיר שטענדיק העלפן. אָבער דאָס מאָל האָט די שרעק זיך נישט געלאָזט פאַרטרייבן. און אַזוי טראַכטנדיק, האָב איך זיך פּלוצים דערמאָנט אין די קליינע פייערלעך, וואָס איך האָב פריער באַמערקט אויפן באַרג. איך האָב נאָך אַמאָל אַ קוק געטאָן צום באַרג און געזען, אַז מיין שרעק איז דאָס מאָל נישט אומזיסט. די פייערלעך האָבן אַרויסגעבליצט פון צוויי פּאָר וועלפישע אויגן.

— ניקוליי! — האָב איך שטיל נאָר מיט גרויס פּחד אַרויסגעשעפּטשעט.

ניקוליי האָט נישט דערהערט.

איך האָב זיך אַריבערגעבויגן איבערן פּעסל און אַ

צי־געטאָן ניקולייען ביים פעלץ. ניקוליי האָט צוגעבויגן אַן אויער:

— וואָס איז?

— איך זע עפּעס.

— וואָס זעסטו?

כ׳האָב מורא געהאַט צו זאָגן וואָס איך זע. די פיי־ערלעך האָבן ווידער אַ בליץ געטאָן פון באַרג. איך בין צו־געפאַלן צו ניקולייען און אים אַרומגעכאַפּט מיט ביידע הענט.

— וואָס זעסטו? — האָט ער ווידער געפרעגט.

— וועלף!

— ס׳דאַכט זיך דיר, — האָט ער געזאָגט, און אַ שמיץ געטאָן דעם פערד.

— ניין, ס׳דאַכט זיך מיר נישט. גיב אַ קוק.

ניקוליי האָט צוגעלייגט אַ האַנט צו די אויגן און גע־קוקט צום באַרג.

— כ׳זע גאָרנישט.

אָבער ווען ער האָט געזען ווי איך ציטער, האָט ער אָפּגעשטעלט דאָס פערד און איז אַראָפּ פון שליטן.

איך האָב אים אַ כאַפּ געטאָן ביים האַנט:

— וואו גייסטו, ניקוליי?

— ס׳הייסט וואו? צו די וועלף.

— האָסט נישט מורא?

— מורא? עי, לאָשיקל, אַז ס׳איז באַשערט, העלפט נישט קיין מורא.

ער האָט צונויפגעוויקלט אַ בינטל שטרוי און עס מיר דערלאַנגט, צוזאַמען מיט אַ פּאָר שוועבעלעך.

— דו זיץ אין שליטן, — האָט ער געזאָגט. — ווען

איכ׳ל דיך הייסן, זאָלסטו אָנצינדן דאָס שטרוי און עס אַ וואַרף טאָן צום באַרג.

דערנאָך האָט ער אַרויסגענומען פון שליטן זיין גראָבן קנאַכיקן שטעקן מיט דער אייזערנער גולקע און זיך געלאָזט צום באַרג.

איך בין געזעסן אין שליטן מיטן בינטל שטרוי און מיט די פּאָר שוועבעלעך איינגעקלאַמערט אין מיינע הענט.

ניקוליי איז פּאַמעלעך געקראָכן באַרג אַרויף. זיינע שטיוול זענען געזונקען אין דעם טיפן שניי און איבערגעלאָזט גרויסע שוואַרצע לעכער הינטער זיך. ווען ניקוליי איז צו־געקומען נאָענט צו די וועלף, האָט ער זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד מיטן פּנים אַראָפּ. די וועלף האָבן זיך נישט גע־רירט. אַ ווײַלע שפּעטער האָט אַ וואָלף פּאַוואָליע צוגעשפּאַנט צו ניקולייען, דורכגעשמעקט זיין אויסגעצויגענעם גוף און צוריק אַוועק. אין דער זעלבער רגע איז ניקוליי אויפגע־שפּרונגען און זיך געלאָזט באַרג אַראָפּ.

— נישטאָ וואָס מורא צו האָבן, — האָט ער אויסגע־רופן, און זיך אַריינגעזעצט אין שליטן.

ווען מיר זענען אָפּגעפאָרן אַ שטיקל וועג, האָט ני־קוליי זיך אויסגעדרייט צו מיר און געזאָגט:

— אַז וועלף זענען נישט הונגעריק, טשעפּן זיי נישט.

— און אַז זיי וואָלטן יאָ געווען הונגעריק?

— אָ, לאָשיקל, דענצמאָל וואָלט נישט געטויגט.

— און דער שטעקן?

— דער שטעקן וואָלט נישט געהאָלפן.

— און דאָס שטרוי?

— דאָס שטרוי אויך נישט.

אָבער מיר זענען שוין געווען ווייט פון די וועלף.

דער שליטן האָט זיך לייכט געגליטשט אויף דעם צע־פינקלטן שניי, און די גלעקלעך האָבן פריילעך געקלונגען.

ג

איינמאָל האָט ניקוליי באַוויזן גאָר אַ גרויסע העלדיש־קייט.

דאָס איז געווען אין אַ זונטיק. דער טאָג איז געווען אַ שיינער און אַ זוניקער, אָבער זייער אַ קאַלטער. איינער פון יענע פראָסטיק־זוניקע טעג, ווען דער רומענישער פויער פאַרדרייסט דעם קאָפּ צום הימל און רופט אויס: „אַ זון מיט ציין!"

אינדערפרי זענען די פויערן געגאַנגען אין קלויסטער, און ווי נאָר דער גלח איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער דרשה, האָבן זיי אַלע, ווי געווייינלעך, זיך אַ לאָז געטאָן צו דער קרעטשמע. זיי האָבן זיך אויסגעזעצט ביי די לאַנגע דעמ־בענע טישן, געטרונקען, געשמועסט און געפּיפּקעט. אַ גע־ווייינלעכער זונטיק.

פּלוצים איז אַריינגעלאָפן אַ שייגעצל און געזאָגט, אַז דער אַלטער ניקוליי קומט פון וואַלד מיט אַ וואָלף אויף די פּלייצעס. די פויערן האָבן איבערגעלאָזט די גלעזלעך און אַרויס. זיי האָבן זיך אַוועקגעשטעלט פאַר דער קרעטשמע און געקוקט ווי דער אַלטער ניקוליי טאַסקעט זיך מיט דעם וואָלף.

— אָט אַ גבורה! — האָט איינער אויסגערופן.

און אַ צווייטער:

— וואָס אַן אַלטער תרח קאָן!

דער אַלטער ניקוליי איז געקומען מיט דעם שמאָלן וועג, וואָס

האָט זיך געצויגן פֿון וואַלד גלייך צו אונדזער קרעטשמע. זיין לאַנגער שעפּסענער פּעלץ האָט זיך נאָכגעשלעפּט אויף דער ערד. ער האָט זיך געשאַרט אָן איינגעבויגענער און גע־הויקערטער, מיט דעם גראָבן קנאָכיקן שטעקן אין האַנט און מיט דעם טויטן וואָלף אויף די פּלייצעס. ווען ער איז צוגעקומען צו דער קרעטשמע, האָט ער אַראָפּגעוואָרפן דעם וואָלף, ווי מ׳וואַרפט אַראָפּ אַ זעקל מעל.

— אָט איז ער! — האָט ער געזאָגט אַזוי, ווי עמעצער וואָלט אים געשיקט הרגענען דעם וואָלף.

ער האָט צעשפּילעט דעם פּעלץ, אַראָפּגעצויגן די קיטש־מע פֿון קאָפּ, און אַ הייסע פּאַרע איז זיך צוגאַנגען איבער אים.

די פּויערן האָבן באַטראַכט דעם טויטן וואָלף, וואָס איז געלעגן אָן אויסגעצויגענער ביי ניקוליים פּיס. זיי האָבן געוואַרט אַז ניקוליי זאָל עפּעס זאָגן, אָבער ניקוליי האָט גאָרנישט געזאָגט. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקן, אַרויסגענומען דעם בייטל מיט טיטון און פֿאַר־וויקלט אַ ציגאַרל. דערנאָך האָט ער פּאַמעלעך געצויגן דעם רויך און געשוויגן.

די פּויערן האָבן זיך מער נישט געקאָנט איינהאַלטן:

— ניקוליי, נו?

— דערציייל.

— וואָס איז געשען?

ניקוליי האָט אָנגעוויזן אויפֿן וואָלף:

— איר זעט דאָך.

די פּויערן האָבן ווידער באַטראַכט דעם וואָלף און גע־קוועטשט מיט די פּלייצעס.

— ניקוליי, — האָט אַן עלטערער פויער זיך אָפּגע־רופן. — דאָס איז דאָך נישט דער וועג. דערצייל.

ניקוליי האָט אַרויסגענומען דאָס ציגאַרל פון מויל, עס פאַרלאָשן צווישן די פינגער, און געזאָגט:

— נישטאָ וואָס צו דערציילן. ס'אַ קורצע מעשה. איך גיי אַזוי ביים זייט פון וואַלד, דערזע איך פּלוצים דעם וואָלף. האָב איך זיך פאַרשטייט זיך, אָפּגעשטעלט. וואָרן אַנט־לויפן, איז דאָך נאַריש. אַ וואָלף קאָן לויפן גיכער פון אַ מענטש. דער וואָלף האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט. קלער איך צו זיך: ער וועט מסתּם שטייען אַ ווײַלע און זיך אַוועק־גייען. אָבער ניין, ער רירט זיך נישט פון אָרט. קלער איך ווידער: שלעכט. איינער פון אונדז וועט דאָ קיין לעבעדי־קער נישט בלייבן. די פראַגע איז נאָר: ווער וועט זיין דער איינער?

ניקוליי האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— וואָס ווייטער?

— געזען אַזאַ מעשה, — האָט ניקוליי געזאָגט, — האָב איך זיך אָנגעשפּאַרט אויף מיין שטעקן. בין איך גע־שטאַנען אַזוי און געטראַכט: ווי פּאַקט מען אים? נאָר באַלד האָב איך זיך באַרעכנט: וואָס האָב איך קיין צייט נישט? לאָמיך קודם זען וואָס ער האָט בדעה צו טאָן. אפשר וועט ער זיך אָפּטראָגן און מיר פאַרשפּאָרן אַ טרחה. שטיי איך אַזוי און גלעט די אייזערנע גולקע פון מיין שטעקן. אַ וואוילער שטעקן, קלער איך.

ניקוליי האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט.

— און ווייטער?

— ווייטער איז געווען אַזוי: כ'גיב אַ קוק, דער חברהמאַן שאַרט זיך. ער שטעלט אַ פוס נאָך אַ פוס, און

אַט שטייט ער שוין לעבן מיר. דענצמאָל איז מיר קלאָר גע־וואָרן וואָס איך האָב צו טאָן. איך האָב גוט אויסגערעכנט דעם שטח צווישן מיר און אים, פּאַוואָליע אויפגעהויבן דעם שטעקן, אים אַ זעץ געטאָן מיט דער אייזערנער גולקע אין שפּיץ קאָפּ — און אַט איז ער!

ביי די לעצטע ווערטער האָט אַ שיכורער פויער זיך אַ וואַקל געטאָן.

די מעשה איז די פויערן געפעלן געוואָרן, אָבער קיין גאָר גרויסן רושם האָט עס אויף זיי נישט געמאַכט. און ווען נישט דאָס, וואָס ניקוליי איז אַ זקן, וואָלטן זיי אפשר איינ־גאַנצן נישט אַרויסגעקומען פון קרעטשמע. זיי זענען טאַקע באַלד צוריק אַריין אין קרעטשמע און זיך ווידער אויסגע־זעצט ביי די טישן.

אַ ווײַלע שפּעטער איז געוואָרן אַ פריש גערודער. דער פריץ פון דאָרף איז פאַרבייגעפאָרן מיט זיין שליטן, און ווען ער האָט געזען דעם טויטן וואָלף ביי ניקוליים פּיס, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט, אַז אויב ניקוליי וועט אָפּ־שינדן דעם וואָלף, וועט ער קויפן די פעל. פאַר אַזאַ מסחרל האָט זיך שוין ווידער געלוינט איבערצולאָזן די גלעזלעך.

ווען די פויערן זענען אַרויסגעקומען און געזען דעם פריץ, האָבן זיי אַראָפּגעכאַפּט די קיטשמעס, און מיט גרויס אַפּשיי זיך אָוועקגעשטעלט לעבן דעם טויטן וואָלף. זיי האָבן שטילערהייט געעצהט ניקולייען ווי צו שינדן דעם וואָלף, און בעת־מעשה אויסגעחשבונט, וויפל ניקוליי דאַרף קריגן פאַר דער פעל.

ניקוליי האָט זיך נישט צוגעהערט צו זייערע עצות. ער האָט אַרויסגעצויגן דאָס מעסער פון גאַרטל, עס אָנגע־שאַרפט אין די כאַלעוועס, און גענומען שינדן דעם וואָלף.

דער פריץ איז געזעסן אין שליטן, איינגעוויקלט אין אַ דרוי־טער וואָלענער דעק, און זיך צוגעקוקט ווי דער אַלטער ני־קוליי שינדט די פעל. די אַרומיקע פויערן האָבן געוואָלט העלפן, געבעטן ניקולייען ער זאָל נעמען זייערע עצות, אָבער ניקוליי האָט געטאָן ווי ער האָט פאַרשטאַנען.

ווען דער וואָלף איז שוין געווען האַלב אָפּגעשונדן, איז דער פריץ אַראָפּ פון שליטן. ער האָט גענומען דאָס מעסער ביי ניקולייען, אויפגעהויבן מיטן שפּיץ מעסער די האַלבע אָפּגעשונדענע פעל, און געשמייכלט צו ניקולייען. ניקוליי האָט זיך געפילט שטאָלץ וואָס דעם פריץ געפעלט די אַר־בעט. ער האָט אויך געשמייכלט, און געקוקט מיט ביטול אויף זיינע עצה־געבער.

די אַרומיקע פויערן האָבן זיך מער נישט געמישט. איצט זענען זיי שוין אַלע מסכים געווען, אַז דער אַלטער ניקוליי איז אַ גוטער און געניטער שינדער.

ניקוליי האָט נאָך מיט מער חשק זיך גענומען צו דער אַרבעט. ער האָט איבערגעקערט דעם וואָלף אויף דער צווייטער זייט, איינגעגראָבן די קני אין דעם שניי, און ווייטער געשונדן דעם וואָלף. ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן, האָט ער פאַמעלעך צענויפגעוויקלט די פעל, זי אַרומגעבונדן מיט אַ שטריקל, און דערלאַנגט דעם פריץ. דער פריץ האָט אים באַצאָלט און איז אַוועקגעפאָרן.

וויפל דער אַלטער ניקוליי האָט געקראָגן פאַר דער פעל, האָט קיינער נישט געוואוסט. מ'האָט נאָר געוואוסט, אַז פאַר דעם געלט וואָס דער פריץ האָט אים געגעבן, האָט ער געהאַט צו טרינקען עטלעכע וואָכן נאָכאַנאַנד.



דער אַלטער ניקוליי האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף דער ערד אויסצו־
געפינען צי די וועלף זענען הונגעריק...

# אַ פּידעלע



ען איך בין אַלט געוואָרן אַכט יאָר און דער טאַטע האָט מיך געפרעגט, וואָס איך וויל צו מיין געבורטסטאָג, האָב איך זיך שיר אַרויסגעכאַפּט: אַ פּידעלע! אָבער גע־זאָגט האָב איך עפּעס אַנדערש. אַ פּידע־לע איז געווען צו אַ גרויסע השגה פאַר אַ דאָרפיש ייִנגל.

דעם חשק צו אַ פּידעלע האָט אין מיר אַרויסגערופן ווינטילע, דער אַלטער פּידלער פון דאָרף. קיין אמתער קלעז־מער איז ווינטילע נישט געווען. אין דאָרף האָט מען אים גערופן „סקריפּער". אָבער אַז קיין אמתער קלעזמער איז נישט געווען, און אַ פּידעלע האָט זיך געגלוסט, פלעגט מען מוזן אָנקומען צו ווינטילען.

ווינטילע איז געווען אַן אָרעמער פּויער, דערצו אַן עלנטער. קיין ווייב האָט ער נישט געהאַט. קיין קינדער אויך נישט. ער האָט געוואוינט אין אַ קליינער, חרובער כאַטע ביים עק פון דאָרף, איינער אַליין. און טאַקע צוליב זיין עלנט, האָט ער זיך גענומען חברן מיט אַ פידל. אַזוי האָט ווינטילע זיך אויסגעלערנט שפּילן.

ווינטילע האָט געהאַט איין אויג. און ווי אַ צושפּיל פון גורל, האָט ער געקאָנט נאָר איין לידל. אָבער מיט דעם

איינעם לידל פלעגט ער ממש וואונדער באַווייזן. אַז אַ פּויער האָט זיך פאַרוואָלט אַ דוינע, האָט ווינטילע פאַרלייגט אַ פוס איבער אַ פוס, פאַרקוועטשט דאָס אויסגעלאָשענע אויג — און דאָס לידל האָט געזיפצט און געריסן ביים האַרץ. און טאָמער האָט זיך איינעם פאַרגלוסט אַ פריילעכס, האָט ווינ־טילע איבערגעדרייט די פיס אויף פאַרקערט, זיך צעיאָגט מיטן בויגן — און דאָס זעלבע לידל האָט שוין אַנדערש גע־קלונגען. ביי ווינטילען אונטער די פינגער האָט דאָס איינע לידל געקאָנט וויינען און לאַכן, קרעכצן און שטיפן, אָדער שלעפן טאַנצן. ער האָט נאָר באַדאַרפט איבערדרייען די פיס, מאַכן אַן אַנדער מינע, אַנדערש פירן מיטן בויגן, און דאָס זעלבע לידל האָט שוין געהאַט אַן אַנדער נאָמען און אַן אַנדער טעם.

און מיט דעם אַלעמען האָט מען אים גערופן „סקריי־פּער".

ווי נאָר מ׳האָט זיך אָנגעזעטיקט מיט זיין שפּילן, האָט מען אים פאַרגעסן. די פּויערן פלעגן זיצן ביי די טישן, עסן און טרינקען, און אַפילו נישט באַמערקן ווי דער אַלטער ווינטילע זיצט איינגעהויקערט אין אַ ווינקל מיטן פידל אונטערן אָרעם. זעלטן אַז מ׳האָט אים צוגערופן פאַר אַ גלעזל בראָנפן, אָדער אַ שטיקל הערינג מיט ברויט. אָבער ווינטילע האָט זיך נישט באַקלאָגט. ער האָט גענומען וואָס מ׳האָט אים געגעבן און געווען צופרידן.

אַז ווינטילע פלעגט בלייבן אַליין אין אַ ווינקל, פלעג איך שטילערהייט זיך צושאַרן צו אים און באַטראַכטן זיין פידל. ביי מיר איז ווינטילע געווען אַ גרויסער מוזיקאַנט. אין מיינע אויגן איז ער געווען גרעסער אַפילו פון די אמתע קלעזמער, וואָס דער טאַטע פלעגט דינגען פון צייט צו צייט.

זיי וואָלטן אָסור געקאָנט אַרויסברענגען אַזאַ אוצר מיט לי־דער פון דעם איינעם לידל. דערפאַר האָט מיך פאַרדראָסן וואָס מ׳רופט אים „סקריפּער״, און וואָס מ׳איז אים מבטל נאָך דעם וואָס ער האָט אָפּגעדינט מיט דעם כישוף פון זיינע פינגער.

שטייענדיק לעבן ווינטילען, פלעגט מיר אויסגיין דאָס חיות נאָך זיין פידל. אָבער זאָגן, האָב איך נישט געוואַגט. נאָר איינמאָל — כ׳ווייס אַליין נישט ווי ס׳איז צו מיר גע־קומען — האָב איך זיך אַרויסגעכאַפּט:

— ווינטילע... לאָז מיך האַלטן דעם פידל.

ווינטילע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— ניין, ייִנגעלע, אַ פידל גיט מען נישט.

נאָר באַלד האָט ער זיך צעשמייכלט, און אַ פינטל געטאָן מיט זיין אויסגעלאָשן אויג:

— דאָך... אַז דו וועסט ברענגען אַ פּעקל טיטון, וועל איך דיר גיבן דעם פידל.

דאָס האָט געמיינט, נעמען אַ פּעקל טיטון אָן דעם טאַטנס וויסן. ווי טוט מען אַזאַ זאַך! איך האָב זיך גע־פילט ווי איינער, וואָס מ׳שטעלט אים אַוועק ביי אַן אוצר און מ׳בינדט אים די הענט. נאָר איידער כ׳האָב זיך אָפּגעגעבן חשבון, בין איך שוין געשטאַנען ביים שאַפקעלע מיט טיטון. גראַדע דאַן איז דער טאַטע אויך דאָרט געשטאַנען. איך האָב געוואַרט ביז דער טאַטע האָט זיך אַוועקגעדרייט, און אַ כאַפּ געטאָן אַ פּעקל טיטון. דאָס האַרץ האָט מיר גענומען שטאַרק קלאַפּן. כ׳האָב נישט געוואוסט, צי קלאַפּט עס דער־פאַר, וואָס איך האָב געגנבעט דאָס פּעקל טיטון, צי דערפאַר, וואָס איך וועל באַלד האַלטן ווינטילעס פידל אין מיינע הענט.

ווינטילע האָט געהאַלטן וואָרט. ווען איך האָב אים געבראַכט דאָס פּעקל טיטון, האָט ער אַרויסגעצויגן דעם פידל פון אונטערן אָרעם און מיר אים דערלאַנגט.

וואָס איך האָב דענצמאָל איבערגעלעבט, איז שווער צו זאָגן. כ׳האָב געפילט, אַז נישט נאָר איז מיין חלום פון ווינטילעס פידל געוואָרן וואָר, נאָר אַלץ, וואָס איז פריער געווען וואָר און פשוט, איז געוואָרן חלום. די קרעטשמע, די פויערן, די פלעשער אויף די טישן, האָבן אויסגעזען ווייט און פרעמד. אַפילו ווינטילע האָט אַנדערש אויסגעזען. ער האָט מיך דערמאָנט אין אַ מעשהלע פון אליהו הנביא, וואָס דער טאַטע האָט מיר אַמאָל דערציילט.

און דער פידל אַליין! כ׳האָב דאַכט זיך געוואוסט, אַז איך האַלט אין האַנט ווינטילעס פידל, און דאָך האָב איך קיין פידל נישט געזען. געזען האָב איך אַ בלענדעניש פון ליכט, אַ נעץ פון שטראַלן, וואָס האָט זיך געפלאָכטן אין מיינע הענט און מיך איינגעפלאָכטן אין זיך. און גלייכצייטיק האָב איך דערפילט, אַז אַ שטראָם פון טענער האָט זיך צעגאָסן אין מיר און זיך צעשפּילט אין די אַלע מעלאָדישע וואַריאַנטן, וואָס ווינטילע האָט אַרויסגעצויגן פון זיין איינעם לידל.

— וואָס שטייסטו? — האָב איך פּלוצים דערהערט ווינטילעס קול. — גיב אַ פּיק די סטרונע.

דער נעץ פון שטראַלן איז זיך צערונען אין מיינע הענט. איך האָב דערזען דעם פידל.

— נו? — האָט ווינטילע ווידער געזאָגט. — גיב אַ פּיק די סטרונע.

כ׳האָב אַ פּיק געטאָן די סטרונע, און אַ ווייכער, וואַרעמער טאָן האָט אָפּגעציטערט איבער דער לענג פון פידל.

— איצט לייג אַ פינגער אויף דער סטרונע און גיב נאָך אַ פּיק, — האָט ווינטילע מיך געלערנט.

איך האָב געפאָלגט, און דער טאָן איז דאָס מאָל אַרויס־געקומען קורץ און אָפּגעהאַקט.

— נישט אַזוי שפּילט מען, — האָט ווינטילע געזאָגט און גענומען דעם פידל.

ווען ער האָט צוגעלייגט דעם פידל צום האַלדז, האָט אַ כוואַליע זיסע און באַקאַנטע טענער זיך צעפלייצט אונטער זיינע פינגער.

— אַזוי שפּילט מען! — האָט ווינטילע געזאָגט מיט שטאָלץ, און מיר צוריקגעגעבן דעם פידל.

— לאָמיך אויך פּרוּוון מיטן בויגן, — האָב איך גע־זאָגט.

— ניין, יינגעלע, אַ בויגן גיט מען נישט.

— נאָר אויף אַ ווײַלע! — האָב איך זיך געבעטן.

— ניין, יינגעלע, אַפילו נישט אויף אַ ווײַלע.

אָבער ווען ווינטילע האָט געזען דאָס געבעט פון מיינע אויגן, האָט ער ווידער אַ פינטל געטאָן מיטן אויסגעלאָשע־נעם אויג:

— דאָך... אַז דו וועסט ברענגען נאָך אַ פּעקל טי־טון, וועל איך דיר גיבן דעם בויגן.

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב אים געבראַכט נאָך אַ פּעקל טיטון. ווינטילע האָט ווידער געהאַלטן וואָרט.

פּונקט דאַן איז צוגעקומען אַ בגלופינער פויער מיט אַ גלאָז וויין אין האַנט. דער פויער איז געווען צעווייקט פון אַ אומעטיק לידל, וואָס ער האָט געוואָלט און נישט גע־קאָנט זינגען. ער האָט געשטופּט דאָס גלאָז וויין ווינטילען אין מויל, און געבעטן:

— טרינק, ווינטילע... טרינק, און זינג מיר דאָס לידל.

— זינגען? — האָט ווינטילע זיך פאַרשעמט. — ווי קומט צו מיר זינגען?

— טרינק, ווינטילע... איך קראַפּיר זינגען דאָס ליד.

— כ'לעבן... כ'וויים נישט... כ'קאָן נישט, — האָט ווינטילע געשטאַמלט.

— טרינק, ווינטילע, וועסטו קאָנען... כ'בעט דיך...

ווינטילע האָט קיין ברירה נישט געהאַט. ער האָט אויסגעטרונקען דאָס גלאָז ווייַן, און שטיל געזונגען:

**ווען איך הער דעם קוקו זינגען,**
**און דעם דראָסלס שטימע קלינגען,**
**ווערט אין מיר דאָס האַרץ צעשפּרונגען.**

— ווערט אין מיר דאָס האַרץ צעשפּרונגען, — האָט דער בגלופינער פויער נאָכגעזיפצט די ווערטער. — ווייטער, ווינטילע, ווייטער.

ווינטילע האָט געזונגען, אָבער שוין מיט אַ הייזעריקער שטימע:

**כ'הייס דעם קוקו ער זאָל שווייגן,**
**זינגט ער ווייטער אויף די צווייגן,**
**און מיין צער טוט שטייגן, שטייגן.**

אַ צווייטער בגלופינער פויער, וואָס האָט דערהערט דאָס לידל, איז צוגעקומען זינגענדיק:

אויף אַ צווייגעלע דערלעבן,
האַלט אַ טערקל־טויב אין וועבן
טענער, שוואַרצע ווי מיין לעבן.

די צוויי בגלופינע פויערן האָבן זיך אַרומגענומען, און ווינטילע האָט פאַרענדיקט דאָס ליד:

זינגט דער קוקו פון צעשיידן,
און דער דראָסל זינגט פון ליידן,
און מיין האַרץ באַגלייט זיי ביידן.

די גאַנצע צייט וואָס ווינטילע האָט געזונגען, בין איך געשטאַנען ביי דער זייט און געפּאַרשט די סודות פון זיין פידל. ווען די צוויי בגלופינע פויערן זענען אַוועק, בין איך שוין געווען אַ סך היימישער מיטן פידל.

— נו? — האָט ווינטילע מיך געפרעגט. — האָסט זיך אָנגעזעטיקט?

— איך וועל זיך קיינמאָל נישט אָנזעטיקן! — האָב איך אויסגערופן.

— אַזוי האָב איך ליב, — האָט ווינטילע געזאָגט. — און ווייל דו רעדסט ווי איך האָב ליב, וועל איך דיר מאַכן אַ פידעלע. טאַקע באַלד!

ער האָט מיך געהייסן ברענגען אַ דין ברעטל, אַכט קליינע צוועקעלעך און אַ קלעצל באַנוול. איך בין אַרויסגעלאָפן אין הויף, וואו ס'זענען געלעגן אָנגעוואָרפן אַ סך קעסטלעך, און אויפגעזוכט פונקט אַזאַ ברעטל ווי ווינטילע האָט געוואָלט. פון די זעלבע קעסטלעך האָב איך אַרויסגעצויגן אַכט קליינע צוועקעלעך, און אויפן וועג צוריק, בין

איך אַריינגעלאָפֿן אין שטוב, געעפֿנט אַ שופֿלאָד פֿון דער מאַמעס נײַ־מאַשין, און אַרויסגעכאַפּט אַ קלעצל באַנוול.

ווען איך האָב דאָס אַלץ געבראַכט צו ווינטילען, האָט ער אַרויסגענומען זיין מעסערל פֿון גאַרטל און גענומען שניצן דאָס פֿידעלע. איך בין געשטאַנען לעבן אים און זיך צוגעקוקט ווי ער אַרבעט. וואָס טיפֿער זיין מעסערל האָט זיך איינגעביסן אין דעם ברעטל, אַלץ קאָנטיקער זענען געוואָרן די סימנים פֿון דעם פֿידעלע, וואָס ווערט געבוירן אין זיינע הענט. ווען ער האָט געענדיקט שניצן, האָט ער אַריינגעקלאַפּט די אַכט צוועקעלעך, צו פֿיר אויף אַ זייט, און אָנגעצויגן אויף זיי די פֿיר סטרונעס פֿון באַנוול.

— איצט קומט דאָס בענקעלע פֿאַר די סטרונעס, — האָב איך אים דערמאָנט.

— אַ בענקעלע וועט אויך זיין.

ער האָט אויסגעשניצט אַ שמאָל פֿיר־קאַנטיק בענקעלע און עס אַוועקגעשטעלט אונטער די סטרונעס. ווען ער האָט באַרירט די פֿיר אויסגעצויגענע באַנוול־סטרונעס, האָבן זיך דערהערט פֿיר פֿאַרשידענע טענער.

— און איצט וועלן מיר זיך נעמען צום בויגן! — האָט ווינטילע זיך צעוואָרעמט.

ער האָט מיך געשיקט אין שטאָל, ברענגען אַ זשמעני האָר פֿון דעם פֿערדס עק. ביי אונדז אין שטאָל זענען געווען צוויי פֿערד: די אַלטע שקאַפּע סוראַ, און דער יונגער ספּירטו. פֿאַרשטייט זיך, איך בין געגאַנגען צו דער שקאַפּע. ווען איך האָב געבראַכט די האָר צו ווינטילען, האָט ער זיי באַלד דערקאָנט, און זיך צעלאַכט:

— צו דער שקאַפּע ביסטו געגאַנגען? נאַרעלע, די שקאַפּע האָט דאָך שוין באַלד קיין האָר נישט.

ער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטייען, אַז אַ בויגן מאַכט מען פון לאַנגע, שטאַרקע האָר, און אַז אַזעלכע האָר האָט נאָר דער יונגער ספּירטו.

איך בין ווידער געלאָפן אין שטאַל אַריין, אָבער שוין נישט מיט אַזאַ חשק ווי פריער. איך האָב געוואוסט, אַז ספּירטו איז אַ פייערדיקער פערד. ביי דער מינדעסטער באַרירונג שפּרינגט ער און בריקעט. אָבער מיין חשק צום פידעלע איז געווען גרעסער פון מיין שרעק. איך האָב זיך פּאַוואָלע צוגעשאַרט צו ספּירטון און אים לייכט אַ גלעט געטאָן ביים עק. ער איז געשטאַנען רואיק. דאָס האָט מיר צוגעגעבן מוט. אָבער ווען איך האָב אַ צי־געטאָן די ערשטע האָר, איז ער אונטערגעשפּרונגען מיט די הינטערשטע פיס און מיר אַ זעץ געטאָן אין האַנט.

וואָס ווייטער איז געשען, האָב איך נישט געוואוסט. שפּעטער, ווען איך בין געקומען צו זיך, בין איך געלעגן אין בעט מיט אַ פאַרבונדענער האַנט. די מאַמע איז געזעסן לעבן מיר אַ פאַרוויינטע, און דער טאַטע האָט אַרומגעשפּאַנט איבערן צימער.

— וואָס ביסטו געקראָכן צום פערד? — האָט דער טאַטע געפרעגט.

איך האָב נישט געוואוסט וואָס ער מיינט. איך האָב נאָר געפילט אַ ווייטיק אין האַנט.

פלוצים האָב איך דערזען ווינטילען. ער איז געזעסן אין אַ ווינקל, אַ באַזאָרגטער, מיטן אויסגעשניצטן פידעלע אין האַנט.

דענצמאָל האָב איך זיך אַלץ דערמאָנט — און זיך צעוויינט.



דעם חשק צו אַ פֿידעלע האָט אין מיר אַרויסגערופֿן וויִנטילע, דער אַלטער פֿידלער פֿון דאָרף.

# די שקאַפּע



י אַלט אונדזער שקאַפּע סורא איז געווען, האָבן מיר, קליינע קינדער, נישט געוואוסט. איך געדענק נאָר, אַז ווען דער טאַטע און דער אַלטער דינער ניקוליי פלעגן זיך צערעדן פון איר, פלעגן זיי דערמאָנען גאָר אַמאָליקע חתונות און לויות, אַמאָליקע שרפות, טריקענישן און מגפות, און נאָך פּאַסירונגען, וואָס האָבן שוין לאַנג געטראָפן. פון דעם האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז די שקאַפּע איז שוין נעבעך זייער אַן אַלטע.

אויב אַ גאָטס באַשעפעניש האָט פאַרדינט רחמנות, איז דאָס געווען אונדזער שקאַפּע. זי האָט אויסגעזען ווי אַ בינטל לויזע ביינער, וואָס מ׳האָט אַריינגעשאָטן אין אַן אַל-טער פאַרטריקנטער פעל. פון די כאָמוטן וואָס זי האָט אויף זיך געטראָגן אין משך פון איר לאַנגען לעבן, איז איר פעל געווען אַזוי צעקראַצט און צעריבן, אַז גאַנצע פליאָמעס וואונ-דיק פלייש האָבן זיך אַרויסגעזען. זומער אין די היצן פלעגן גרויסע גרינע פליגן גראַדע אויף יענע וואונדיקע ערטער זי באַפאַלן און איר אָנטאָן גרויסע יסורים. די שקאַפּע האָט זיך געוועערט מיט אַלע אירע מיטלען: גערונצלט די פעל, גע-וואָרפן מיטן קאָפּ, געפּאַטשט מיטן עק, אָבער די גרינע זלידנע פליגן זענען נישט אָפּגעטראָטן.

אירע אויגן האָבן קיין באַשטימטן קאָליר נישט געהאַט. זיי האָבן אויסגעזעון ווי צוויי פאַררויכערטע שייבלעך אין אַ פערדישן קאָפּ. שטענדיק זענען זיי געווען פאַרטרערט. שטענ־דיק האָבן זיי זיך געריסן פון דער דיקער קלעפּיקער ווייס־קייט, וואָס האָט זיך אָנגעלייגט אַרום אירע וויעס.

קיין גריווע האָט זי כמעט נישט געהאַט. דער איינ־ציקער זכר פון אַ מאָליקער גריווע, זענען געווען די עט־לעכע שיטערע צעפּלעך האָר, וואָס זענען נאָכגעהאַנגען טרוקן און פאַרחלשט אויף איר נאַקעטן האַלדז. ביים מינדסטן ווינטל פלעגן די עטלעכע צעפּלעך זיך צעבלאָזן אין אַלע זייטן, ווי די לעצטע הערלעך אויף אַ פּליכעוואַטן מענטש־לעכן קאָפּ.

קיין אמתן פערדישן רוקן האָט סוראַ אויך נישט גע־האַט. מחמת אַ קראַנקהייט אין די ביינער, איז איר רוקן געווען אַזוי פלאַך און ברייט, אַז אַ קינד האָט זיך געקאָנט אויסציען אויף אים און נישט פילן קיין שום קנייטש אָדער האַרטקייט פון פערדישן ביין. פאַר אונדז, קליינע קינדער, וואָס האָבן נאָך נישט געקאָנט רייטן, איז דאָס געווען אַ מעלה.

די פויערן פון דאָרף פלעגן זי רופן „מאַמע". זי האָט דעם נאָמען כשר פאַרדינט, מחמת איר גוטסקייט און גע־טריישאַפט. ביים פאַשן פלעגט מען זי קיינמאָל נישט דאַרפן פּענטען, ווי אַנדערע פערד. זי איז געווען אַזוי געטריי, אַז מער ווי עטלעכע שפּאַן פון הויז פלעגט זי נישט אָפּטרעטן. צו אונדז, קינדער, איז זי גאָר געווען געטריי. אַז אַ קינד פלעגט זיך אויפזעצן אויף איר און זיך אַראָפּגליטשן, פלעגט זי שטיין און וואַכן איבערן קינד ביז עמעצער איז אונטער־געקומען. אויף דעם בין איך אַליין געווען אַן עדות.

דאָס איז געווען אין אַ זומערדיקן אינדערפרי. איך בין דענצמאָל אַלט געווען אַן ערך אַכט יאָר. די שקאַפּע האָט זיך געפּאַשעט ווי אַלע מאָל הינטערן הויז. אין דרויסן איז קיינער נישט געווען. איך בין צוגעגאַנגען צו דער שקאַפּע און זי געגלעט ביים האַלדז. זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און מיך לאַנג אָנגעקוקט מיט אירע פאַרטונקלטע אָבער פריינדלעכע אויגן.

מיך האָט פּלוצים אָנגענומען אַ חשק זיך דורכצורייטן אויף איר — פאַרשטייט זיך, אַן דעם טאַטנס וויסן. איך האָב זיך נאָך אַמאָל ארומגעקוקט און ווען איך האָב געזען, אַז קיינער קומט נישט, האָב איך זיך געגומען דראַפּען אויף דער שקאַפּע. אָבער מיינע הענט זענען געווען צו קורץ און האָבן נישט דערגרייכט צו איר רוקן. האָב איך אונטערגע־שפּרונגען, ווי עס טוען געניטע רייטער ווען זיי ווילן זיך אַרויפכאַפּן אויף אַ פערד. דאָס האָט אָבער אויך נישט גע־האָלפן. פון גרוים אַנטוישונג, בין איך געבליבן שטייען מיט אַ פוס אין דער לופטן. מיטאַמאָל האָב איך דערפילט אַ פעסטן אָנשפּאַר אונטער מיין אויפגעהויבענעם פוס. דאָס איז גע־ווען דער אַלטער ניקוליי. ער איז געשטאַנען אָנגעבויגן ביי דער ערד, מיט אַ האַנט ביי מיין פוס, און געוואונקען צו מיר מיט אַ שמייכל:

— שטעל זיך אַרויף!

דער גוטער, ליבער ניקוליי! ער האָט פאַרשטאַנען דאָס האַרץ פון אַ יינגל.

איך האָב אַוועקגעשטעלט מיין פוס אויף ניקוליים האַנט, און מיט איין הויב האָט ער מיך אַרויפגעזעצט אויף דער שקאַפּע.

אָבער וואָס האָט עס געטויגט? איך בין געבליבן זיצן

אויף דער שקאַפֿעס ברייטן רוקן און זיך נישט געקאָנט קיין ריר טאָן. דאָס האָט אַפּנים אויסגעזען זייער מאָדנע, ווייל ניקוליי האָט זיך שטאַרק צעלאַכט.

— טרייב זי מיט די קנאַפּל, ווי אַן אמתער רייטער, — האָט ניקוליי געזאָגט און זיך אַזש פֿאַרהוסט לאַכנדיק.

איך האָב געריסן די פּיס מיט אַלע כוחות, געוואָלט דערגרייכן מיט די קנאַפּל צו דער שקאַפֿעס זייטן, אָבער אומ־זיסט. דער שקאַפֿעס ברייטער און פֿלאַכער רוקן האָט נישט געלאָזט.

ווען ניקוליי האָט געזען ווי איך מוטשע זיך, האָט ער געזאָגט:

— טרייב זי מיט די הענט.

איך האָב געפּאַטשט די שקאַפּע אין רוקן, איינמאָל און אַ צווייטן מאָל, אָבער זי האָט זיך נישט גערירט.

— דאָס איז געקיצלט, נישט געפּאַטשט, — האָט ני־קוליי זיך ווידער צעלאַכט.

איך האָב גענומען פּאַטשן די שקאַפּע מיט ביידע הענט און מיט מיין גאַנצן כוח. איך האָב זי געגראַבלט מיט די נעגל, געקניפּט מיט די פינגער, געקנאַטן מיט די פויסטן, אָבער די שקאַפּע האָט זיך אַלץ נישט גערירט. ניקוליי האָט איר אַ שמיץ געטאָן מיט אַ פּריטקעלע, און ערשט דעמאָלט האָט זי זיך קוים גערירט. אָבער ביים צווייטן שמיץ האָט זי אונדז ביידן איבערראַשט און גענומען לויפֿן. אַ ווײַלע איז זי געלאָפֿן אין אַ ראָד אַרום ניקולייען, דערנאָך איז זי אַרי־בערגעלאָפֿן דאָס בריקל און זיך פֿאַרנומען מיטן וועג צום דאָרף. איך בין געווען געפּלעפֿט, און נאָך מער דערשראָקן פֿון דער שקאַפֿעס צעשפּילטן חשק. כ׳האָב געוואָלט ביי עפּעס זיך אָנכאַפּן, זיך צוהאַלטן, אָבער ס׳איז נישט געווען ביי

וואָס. אַרום מיר איז נאָר געווען דער שקאַפּעס ברייטער רוקן מיט זיין אומענדלעכער פלאַכקייט, אויף וועלכן איך האָב זיך געהעצקעט מיט מיינע קורצע אומבאַהאָלפענע פיס און זיך געגלימטשט אַראָפּ און אַרויף, ווי אויף אַ טאַנצנ־דיקער בעט. איך האָב שוין חרטה געהאַט און געוואָלט אָפּ־שטעלן די שקאַפּע, אָבער דאָס האָב איך שוין אויך נישט געקאָנט. וואָס מער איך האָב געשריגן צו איר און זיך גע־בעטן זי זאָל זיך אָפּשטעלן, אַלץ גיכער איז זי געלאָפן. ס׳האָט מיר גענומען שווינדלען פאַר די אויגן און ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, אַז נישט די שקאַפּע לויפט, נאָר אַז ס׳לויפן די טעלעגראַף־סלופּעס ביי דער זייט פון וועג, אַז ס׳לויפן די פעלדער און די קעניצע פון טאָל. מיטאַמאָל האָב איך דער־זען ווי דאָס גאַנצע דאָרף לויפט אויף מיר. פאַראויס איז טאַנצנדיק געלאָפן דער קלויסטער מיט זיין שפּיציקן דאַך און צעגלאַנצטן צלם, און נאָך אים זענען געשפּרונגען די דאָרפישע שטיבלעך מיט זייערע קוימנס און הויפן — אין אַ ווילדן געיעג גלייך אויף מיר. פון שרעק האָב איך פאַרמאַכט די אויגן. אַ ווײַלע שפּעטער בין איך געלעגן אויף דער ערד.

ווען איך האָב געעפנט די אויגן, בין איך געווען פונקט אונטער דער שקאַפּע. די שקאַפּע איז געשטאַנען אַ רואיקע, און געוואַכט איבער מיר. איך האָב געוואָלט אַפּיר־קריכן, און נישט געקאָנט. אַ פוס האָט מיר וויי־געטאָן, און אין קאָפּ האָט געזשומט.

באַלד איז דער טאַטע געקומען צו לויפן, און נאָך אים די מאַמע. ביידע זענען געווען דערשראָקן. ווען דער טאַטע האָט געזען, אַז די שקאַפּע שטייט רואיק און אַז מיט מיר איז קיין ערנסטע זאַך נישט געשען, האָט ער מיך אַרויס־

געשלעפּט פון אונטער דער שקאַפּע, און מיר געגעבן „וואָס מיר איז געקומען".

*

פאַר לאַנגע נסיעות, ווי למשל ברענגען סחורה פון שטאָט, פלעגט מען די שקאַפּע נישט נוצן. דאָס איז געווען צו אַ ווייטער מהלך. אחוץ דעם, פלעגט מען אין שטאָט אָנלאָדן דעם וואָגן מיט כלערליי זעק און פעסלעך, מיט קעסטלעך, שטריק און שווערע אייזנוואַרג, וואָס דאָס איז נישט געווען פאַר דער שקאַפּעס כוחות. פאַר אַזעלכע נסיעות פלעגט מען נוצן דעם יונגן פערד, ספּירטו.

דאָס מיינט אָבער נישט, אַז די שקאַפּע האָט זיך נישט פאַרדינט אירע קעסט. זי האָט געהאַט גענוג אַרבעט. נישט געווען דער טאָג מ'זאָל זי נישט שפּאַנען. זי פלעגט ברענגען וואַסער פון דער קעניצע, מעל פון דער מיל, זי פלעגט אַוועקפירן דאָס מיסט פון די שטאַלן און אַריינ־ברענגען דאָס געקאָסעטע היי פון פעלד, שוין נישט רעדנדיק פון די אָפטע נסיעות צו די שכנותדיקע דערפער, מיט וועלכע דער טאַטע פלעגט האַנדלען.

אויך פלעגט מען שפּאַנען די שקאַפּע ווען די מאַמע פלעגט דאַרפן ערגעץ פאָרן. די מאַמע האָט מורא געהאַט צו פאָרן גיך, און מיט דער שקאַפּע איז זי געווען זיכער. די שקאַפּע פלעגט זיך קיינמאָל נישט יאָגן. זי איז שטענדיק געלאָפן מיט די זעלבע געמאָסטענע און מיושבדיקע טריט, סיי אויפן גלייכן וועג, סיי באַרג אַראָפּ. זי האָט געהאַט איר אייגענעם איינגעהאַלטענעם שפּאַן, וואָס קיינער און קיין שום זאַך האָט נישט געקאָנט בייטן. אַ פּאַטש מיט די וואַשקעס,

אָדער אַ שמיץ מיט דער בײטש, האָט אַ קנאַפּן רושם אויף איר געמאַכט. זי פלעגט נאָר אַביסל אויפשטעלן די אויערן, אַ װיג־טאָן מיטן עק, און װײטער גאָרנישט.

די עלטערע ברידער, װאָס פלעגן פאָרן מיט דער מאַ־מען, פלעגן חוזק פון דער שקאַפּע און זאָגן, אַז זי קריכט װי אַ טשערעפּאַכע.

— ניש־קשה, — פלעגט די מאַמע זאָגן, — זי גײט געגוג שנעל.

ס'איז אָבער געקומען אַ צײט, װען אַפילו די מאַמע האָט אײנגעזען, אַז די שקאַפּע קריכט. פאַרשטײט זיך, די מאַמע האָט עס נישט געזאָגט טאַקע מיט די־אָ װערטער. זי האָט געזאָגט, אַז די שקאַפּע איז שױן נעבעך זײער אַלט, זײער אױסגעהאָרעװעט, און אַז ס'איז שױן צײט מ'זאָל זי װײניקער מוטשען. דער טאַטע איז מסכים געװען מיט דער מאַמען, און ס'איז באַשלאָסן געװאָרן, אַז װײטער זאָל מען נוצן די שקאַפּע נאָר אױף צו ברענגען װאַסער פון דער קעניצע.

*

אײנמאָל, אין אַ װינטער־טאָג, האָט אַ ברודער אײנ־געשפּאַנט די שקאַפּע צום שליטן און געפאָרן ברענגען אַ פּעסל װאַסער. די קעניצע איז געװען אין אַ טאָל, נישט װײט פון דער קרעטשמע. אין דרױסן איז געלעגן אַ האַר־טער גליטשיקער שנײ, װאָס האָט ערטערװײז אױסגעזען װי גלאָז.

װען דער ברודער האָט אָנגעפילט דאָס פּעסל און זיך געװאָלט לאָזן אַהײם, האָט די שקאַפּע נישט געקאָנט רירן

דעם שליטן. זי האָט זיך באַמיט מיט אַלע כוחות, געשטערקט דעם האַלדז, זיך געריסן פאָראויס, אָבער דער שליטן האָט זיך נישט גערירט. דער ברודער האָט זי געשמיסן מיט דער בייטש, געשריגן אויף איר, גערעדט צו איר מיט גוטן און מיט בייזן, נאָר ס'האָט נישט געהאָלפן. די שקאַפּע האָט גע־וואָלט שלעפן, נאָר זי האָט נישט געקאָנט. האָט דער ברו־דער רחמנות געקראָגן אויף איר, און געהאָלפן אונטער־שטופּן דעם שליטן. אַזוי איז זי אָפּגעגאַנגען אַ שטיקל וועג.

ווען די שקאַפּע איז צוגעקומען צום באַרג, פאַר דער קרעטשמע, האָט דעם ברודערס אונטערשטופּן שוין נישט געהאָלפן. די שקאַפּע האָט זיך געריסן באַרג אַרויף, גע־שטרעקט די פאָדערשטע פיס, געוואָלט איינגעמען אַ שטיקל באַרג, און נישט געקאָנט. זי האָט אָנגעצויגן יעדן מוסקל און יעדן אָדער פון איר ביינערדיקן גוף, אָבער דער שליטן און דער גליטשיקער וועג האָבן זי געשלעפּט צוריק. זי האָט זיך געראַנגלט מיט דעם גליטשיקן באַרג, געזוכט אַן אָנ־האַלט פאַר אירע אַלטע שוואַכע פיס, און נישט געפונען. די פיס האָבן זיך גענומען ברעכן אונטער איר. זי איז גע־פאַלן מיט איין פוס, מיט אַ צווייטן, זיך אויפגעהויבן און ווידער געפאַלן. די פאָדקאָוועס פון אירע ראַנגלענדיקע פיס האָבן געשניטן דאָס אייז, געקריצט ווי אויף גלאָז, און גע־שפּריצט מיט פייערדיקע פונקען. מיטאַמאָל איז זי איינ־גאַנצן אָוועקגעפאַלן און געבליבן ליגן מיט די פיס פאַר־בראָכן אונטער זיך. זי איז געלעגן אַ פאַרחלשטע און שווער געדעכעט. אַ הייסע פאַרע האָט אַרויסגעשלאָגן פון איר פאַרשוויצטן גוף, און אַ ווייסער, געלבלעכער שוים האָט אַרויסגעריזלט פון איר אָפן מויל.

דער ברודער האָט געררופן הילף. דער אַלטער ניקוליי האָט זיך באַוויזן אין טויער, און ווען ער האָט געזען די אַוועקגעפאַלענע שקאַפּע, האָט ער אַרויסגערופן דעם טאַטן. ביידע זענען געקומען צו לויפן. דער טאַטע האָט אַ קוק געטאָן אויף דער שקאַפּע און פאַרקוועטשט די ליפן. דערנאָך איז ער אָפּגעטראָטן מיט ניקולייען אין אַ זייט, און ביידע האָבן זיך לאַנג געשושקעט. מיר, קליינע קינדער, זענען געשטאַנען פון ווייטנס און געקוקט אויף זיי מיט פּחד אין האַרצן. מיר האָבן געפילט, אַז דאָס סודען פון טאַטן און דעם אַלטן ניקוליי באַשטימט דער שקאַפּעס טרויעריקן גורל. מיר האָבן געחלשט צוגייען צו דער שקאַפּע, זי אַרומנעמען, גלעטן, אָבער מיר האָבן נישט געוואַגט. אַפילו וויינען האָבן מיר נישט געוואַגט, כאָטש די טרערן האָבן אונדז געשטיקט.

שפּעטער, ווען מ׳האָט די קראַנקע שקאַפּע אַהיימגע־בראַכט, האָט דער טאַטע זיך געסודעט מיט דער מאַמען און מיט די עלטערע ברידער. דאָס מאָל האָבן מיר זיך אונטערגעגנבעט צו דער טיר און זיך צוגעהערט. ס׳איז באַ־שלאָסן געוואָרן, אַז דער אַלטער ניקוליי זאָל אַוועקפירן די שקאַפּע אין וואַלד אַריין און דאָרט זי באַפרייען פון אירע ליידן מיט אַ קויל פון זיין ביקס. ווען מיר האָבן דאָס דער־הערט, האָבן מיר זיך שטאַרק צעוויינט. דער טאַטע איז צוגעקומען צו דער טיר און זיך צעשריגן אויף אונדז:

— וואָס וויינט איר?

ווען ער האָט דערזען אונדזערע פאַרוויינטע אויגן, איז ער ווייכער געוואָרן:

— וויינט נישט, קינדער...

וויזט אויס, אַז אונדזער געוויין האָט פאָרט געווירקט. דער טאַטע האָט באַשלאָסן צו וואַרטן נאָך אַ טאָג.

יענעם טאָג זענען מיר, קינדער, נישט אָפּגעטראָטן פון דער שקאַפע. כמעט די גאַנצע צייט זענען מיר געווען אין שטאַל, וואו די שקאַפע איז געלעגן אויסגעצויגן אויף דער ערד, אונטערגעבעט מיט שטרוי, און שווער געדעכעט. מיר האָבן זי געגלעט, געווישט די קלעפּיקע סלינע וואָס האָט געטריפט פון איר מויל, און גערעדט צו איר צערטלעכע רייד.

ניקוליי איז אַריינגעקומען אין שטאַל, און באַדויער־לעך געזאָגט:

— אומזיסט, קינדער... פאַרפאַלן...

דאָס וואָרט „פאַרפאַלן" האָט אונדז אַ זעץ־געטאָן אין האַרצן.

פאַרנאַכט האָט ניקוליי אַריינגערופן דעם טאַטן אין שטאַל. די מאַמע און אַלע אַנדערע פון שטוב זענען נאָכ־געגאַנגען. די שקאַפע איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן. זי האָט שוין קוים געדעכעט. ניקוליי האָט אויפגעהויבן די דעקלעך פון אירע אויגן, און געזאָגט צום טאַטן:

— נישטאָ וואָס צו וואַרטן.

מיר קינדער האָבן אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. די מאַמע האָט אונדז געטוליעט צו זיך, און געווישט אונדזערע טרערן:

— וויינט נישט, קינדער... בעסער אַזוי... אַ רחמנות זי זאָל ליידן...

מיר האָבן צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ צו דער מאַמעס טרייסטנדיקע רייד, אָבער די טרערן האָבן נישט אויפגע־הערט רינען פון אונדזערע אויגן.

ניקוליי איז אַוועק אין דאָרף און געבראַכט צוויי פויערן, וואָס זאָלן אים העלפן אַרויפליינן די שקאַפע אויפן

שליטן. די שקאַפּע איז שוין געווען אַזוי שוואַך, אַז מ׳האָט זי אַפּילו נישט באַדאַרפט בינדן. זי איז געלעגן אין שליטן אַן אויסגעצויגענע, מיטן קאָפּ פאַרוואָרפן פאָראויס, און מיט פאַרגלייזטע אויגן.

ניקוליי און די אַנדערע צוויי פויערן האָבן זיך אַריינגעזעצט אין שליטן, און זיך געלאָזט צום וואַלד. דער טאַטע און די מאַמע זענען געשטאַנען אין טויער. די עלטערע ברידער האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביים וועג. מיר, קליינע קינדער, זענען נאָכגעגאַנגען דעם שליטן. ווען מיר זענען שוין געווען האַלב-וועג פון וואַלד, האָט ניקוליי זיך אויסגעדרייט און געזאָגט:

— קינדער, צייט אַהיימצוגייען.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט און נאָכגעקוקט דעם שליטן, ביז ער האָט זיך פאַרדרייט אין וואַלד אַריין.



ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער אַלטער ניקוליי זאָל אַוועקפירן
אונדזער קראַנקע שקאַפּע אין וואַלד אַריין און זי דאָרט באַפרייען
פון אירע ליידן מיט אַ קויל פון זיין ביקס.

# קיכעלעך



גאַנצע וואָך האָט מען דעם באַק־אויוון פֿון קרעטשמע נישט גענוצט. גענוצט האָט מען נאָר דעם פּריפּעטשיק. דאָרט פֿלעגט די מאַמע אָפּקאָכן די מאָלצייטן, און פֿון דאָרט פֿלעגט זי אויך אַרויסדערלאַנגען די טאַצן מיט געקאָכטע און געפּרעגלטע פּיש פֿאַר דער קרעטשמע. אָבער אַז ס׳איז געקומען פֿרייטיק, האָט די מאַמע אָפּגערייניקט דעם פּריפּעטשיק, פֿאַרקערט דאָס אַש מיט אַ גרויסן פֿלעדערוויש, און געהייסן מאַכן דעם אויוון.

דאָס איז געווען די אַרבעט פֿון אונדזער אַלטן דינער ניקוליי. ער האָט אַריינגעבראַכט אַ פֿולן אָרעם מיט האָלץ, אַנגעלייגט אַ קופּע שייטלעך אין מיטן אויוון, צוגעוואָרפֿן עטלעכע שפּענדלעך, און דער אויוון האָט זיך צעפֿלאַקערט מיט אַ פֿריילעכן פֿייער. ווען דאָס האָלץ איז שוין געווען צעברענט, האָט ניקוליי גענומען די קאָטשערע און פֿאַר־שאַרט דעם זשאַר אין אַ ווינקל פֿון אויוון.

אויפֿן טיש, קעגנאיבער דעם אויוון, האָבן שוין גע־וואַרט די אָן אַ שיעור בלעכענע טאַוועס, קיילעכיקע און פֿיר־קאַנטיקע, הויכע און פּלאַטשיקע, מיט דעם אויפֿגעווירע־

נעם טײַג, וואָס די מאַמע האָט מיט אַ טאָג פֿריער פֿאַר־קנאָטן מיט גרויס בריהשאפֿט.

די מאַמע האָט אַ טאַפּ געטאָן דעם אויוון, און פֿון דער מינע אויף איר פּנים האָט ניקוליי פֿאַרשטאַנען, אַז דער אויוון איז שוין גרייט. דאָס איז אויך געווען אַ סימן פֿאַר ניקולייען, אַז ער דאַרף נעמען די לאָפּעטע און זיך אַוועק־שטעלן לעבן דער מאַמען. די מאַמע האָט אים דערלאַנגט די טאַווען לויט אַ באַשטימטן פּלאַן און סדר. ניקוליי האָט זיי אַרויפֿגענומען אויף דער לאָפּעטע און זיי אַרײַנ־גערוקט אין אויוון, גענוי ווי די מאַמע האָט אים אָנגעוויזן. די אַרבעט צווישן דער מאַמען און ניקולייען איז צוגעגאַנגען שטיל, כמעט אָן רייד. זיי האָבן זיך פֿאַרשטאַנען דורך מינעס און העוויות, דורך אַ וואונק און אַ שאָקל מיטן קאָפּ.

אַז דאָס געבעקס איז שוין געווען אין אויוון, האָט ני־קוליי זיך אָפּגערוקט אין אַ זײַט, און די מאַמע האָט געמאַכט די לעצטע אינספּעקציע. זי האָט זיך צוגעבויגן צום אויוון, באַטראַכט די אויסגעלייגטע טאַוועס, דעם גליענדיקן זשאַר, און ווען זי האָט געזען אַז אַלץ איז ווי ס׳דאַרף צו זײַן, האָט זי פֿאַרשפּאַרט דעם אויוון מיט דעם האַלב־קײַלעכיקן טשאָלנט־דעקל, און זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן פּריזבעלע דערלעבן אַ מידע און פֿאַרפּלאַמטע.

מיר, קליינוואַרג, זענען די גאַנצע צײַט נישט אָפּגע־טראָטן פֿון דער מאַמען. מיר האָבן געוואַרט אויף דעם גע־שמאַקן אוצר, וואָס האָט באַדאַרפֿט אַרויסקומען פֿון אויוון. יעדע ווײַלע איז איינער פֿון אונדז צוגעלאָפֿן צום אויוון, גע־טאַפּט די וואַנט, געשמעקט צום טשאָלנט־דעקל, און אויס־גערופֿן:

— מאַמע, שוין פֿאַרטיק!

די מאַמע האָט יעדן מאָל געגעבן דעם זעלבן ענט־פער:

— פּאַרטיק־שמאַרטיק, נישט דיין עסק!

נישט אומזיסט האָבן מיר געברענט פון אומגעדולד. מיר האָבן געוואוסט, אַז אַחוץ די אַנדערע געבעקס, האָט די מאַמע צוגעגרייט פאַר יעדן קינד עפּעס באַזונדער. פאַר איינעם אַ קליין געפלאָכטן חלהלע מיט דריי קיילעכיקע פלעכט־לעך פון אויבן, פאַר אַ צווייטן אַ פלאַטשיק מאַלאַיעלע מיט נים און קאַנאָפּליע־זערנעס, און פאַר אַן אַנדערן אַ באַצו־קערט לעקעכל, אָדער אַ טורטעלע.

ענדלעך האָט די מאַמע אַ קוק געטאָן אין אויוון און געשמייכלט צו ניקולייען. דאָס האָט געמיינט, אַז דאָס גע־בעקס איז פאַרטיק. אונדזער שמחה איז געווען נישט אי־בערצוגעבן. מיר האָבן זיך צעטאַנצט אַרום דער מאַמען, זי געגלעט ביים פאַרטעך, געקושט אירע הענט, און זיך גע־טוליעט צו איר מיט אַזאַ פרייד און געדרענג, אַז די מאַמע האָט זיך נישט געקאָנט אַ ריר טאָן.

— וואָס שטייט איר אַרום מיר ווי די היישעריקן? — האָט זי געשריגן.

אָבער מיר האָבן געפילט, אַז די מאַמע איז אויפגע־לייגט, און אַז דאָס שרייען איז נישט געפערלעך. און כדי זי זאָל אונדז נישט טרייבן, האָבן מיר זיך אָנגעבאָטן צו טאָן פאַרשידענע אַרבעטן. מיר האָבן געבראַכט די קאָטשערע, געשלעפּט די לאָפּעטע, און איר צוגעטראָגן אַפילו די גרויסע ווייסע שמאַטע, וואָס זי האָט אָנגעגרייט אויף אָנצונעמען די הייסע טאַוועס און טאַוועלעך.

ווען די מאַמע האָט אַרויסגעצויגן פון אויוון די ערשטע טאַווע געבעקס און געזען אַז ס'איז געראָטן, האָט זי שוין

פאַרגעסן אונדז צו טרייבן. מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט פון ביידע זייטן, און איטלעך מאָל וואָס די מאַמע האָט אַרויס־געצויגן אַ טאַווע געבעקס, האָבן מיר עס אויפגענומען מיט פּאַראַד, געפּאַטשט מיט די הענט, געלעקט די ליפּן, און אויס־געדריקט גרויס באַוואונדערונג, וואָס דאָס איז דער מאַמען געפעלן געוואָרן.

די טאַוועס מיט דעם פרישן געבעקס האָבן זיך גע־האַלטן אין איין מערן אויף דעם לאַנגן קעגנאיבערדיקן טיש, וואו ניקוליי איז געשטאַנען און זיי אויסגעלייגט ווי די מאַמע האָט אים געהייסן. איבער דער קרעטשמע האָט זיך פאַר־שפּרייט אַ וואַרעמער געשמאַקער ריח פון צימרינג און קימל, פון צוקער, מאָן און בוימל, און נאָך באַטעמטע בשמים, וואָס מיר האָבן פאַר זיי קיין נאָמען נישט געהאַט. אויפן טיש זע־נען שוין געשטאַנען די שיינע געפלאָכטענע קוילעטשן, באַ־שמירט מיט געלעכלעך פון אייער, די גרויסע בייכיקע ברויטן, די לעקעכער און טאָרטן, און די אָן אַ שיעור סעבער־לעך, מאָן־פּלעצלעך און קיכעלעך כל־המינים.

גאָר צום סוף האָט די מאַמע אַרויסגענומען פון אויוון דאָס, וואָס מיר, קינדער, האָבן אויף דעם דער עיקרשט גע־וואַרט. דאָס זענען געווען די קליינע חנעוודיקע חלהלעך און לעקעכלעך, די געלע מאַלאַיעלעך און פאַרברוינטע בולקעלעך, וואָס זי האָט נאָר פאַר אונדז אָפּגעבאַקן, איטלעכן לויט זיין באַגער און געשמאַק, און וואָס מיר האָבן געהאַט אַ רעכט זיי באַלד אויפצועסן. די מאַמע האָט איטלעכן אויסגעטיילט זיינס, און כאָטש זי האָט געשריגן אַז מיר זאָלן וואַרטן ביז ס'וועט זיך אָפּקילן, האָט זי פונדעסן אונדז נישט פאַרווערט זיי באַלד אויפצועסן. אַ ווײַלע שפּעטער, ווען די מאַמע האָט זיך אומגעקוקט, איז שוין נישט געווען וואָס צו זען, אַחוץ

די לעצטע ברעקלעך, וואָס מיר האָבן נאָך געקליבן און גע־לעקט פון די הענט.

— ווילדע היישעריקן! — האָט די מאַמע געזאָגט, אָבער מיט אַזאַ מינע, אַז ס'האָט נישט אויסגעמאַכט.

ווען די מאַמע האָט גענומען אַריינטראָגן דאָס גע־בעקס אין שטוב, האָבן מיר ווידער אָנגעבאָטן אונדזער הילף. דאָס האָט פאַר אונדז געמיינט נאָך אַ קיכעלע, אָדער צוויי, וואָס די מאַמע פלעגט אונדז געבן פאַר אונדזער טרחה, שוין נישט רעדנדיק פון די אַנדערע קיכעלעך, וואָס מיר האָבן געקאָנט אַראָפּכאַפּן אויפן וועג אָן דער מאַמעס וויסן. די מאַמע האָט אָבער געוואוסט אונדזער כונה, און דערפאַר פלעגט זי אומיסטן אונדז הייסן גייען פאַראויס, כדי זי זאָל אונדז קאָנען נאָכגייען און היטן.

אַז דאָס געבעקס איז שוין געווען אין שטוב, האָט די מאַמע אונדז גענומען טרייבן מיטן פאַרטעך:

— ווילדע היישעריקן, אַרויס!

דאָס האָט געמיינט, אַז די מאַמע וויל באַהאַלטן די סעכערלעך און קיכעלעך אויף אַ „זיכערן" אָרט. און מ'מוז צוגעבן, אַז דאָס איז איר שטענדיק געלונגען. אַזוי דאַכט זיך זענען קיין פאַרבאָרגענע ווינקעלעך אין שטוב נישט געווען, און דאָך האָט די מאַמע שטענדיק געפונען אַ פריש און אומ־באַקאַנט ווינקעלע אין אַ שאַפע, אָדער קיפערט, וואו זי פלעגט באַהאַלטן דאָס זיסע געבעקס און עס באַוואָרענען פון אירע „ווילדע היישעריקן".

*

אונדז קינדער האָט מער פון אַלץ געצויגן צו די קי־בעלעך. איך ווייס נישט צי דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס די קיכעלעך זענען טאַקע געווען אַזוי באַטעמט, צי דער־פאַר, ווייל זיי זענען געווען קליינע און זיך געלאָזט גרינגער באַהאַלטן אין קעשענע. איך ווייס נאָר, אַז דאָס חיות פלעגט אונדז אויסגיין נאָך זיי. בייטאָג פלעגן מיר זיי כסדר אַרומ־זוכן, און ביינאַכט פלעגן מיר חלומען פון זיי.

איינמאָל, אין אַ ביינאַכט, ווען איך בין שוין געלעגן אין בעט, האָב איך פלוצים דערזען אַן אוצר אויף דער שאַפע. סאַמע אויבנאויף איז געשטאַנען אַ גרויסע שיסל מיט קי־בעלעך, אינגאַנצן אָפגעדעקט, פראַנק און פריי. תחילת האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך חלום. איך האָב זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז די מאַמע זאָל זיין אַזוי אומבאַרעכנט. ווי קומט צו איר, זי זאָל אַוועקשטעלן די קיכעלעך אויף אַזאַ אומזיכערן אָרט, דערצו אַזוי אָנזעעוודיק? אָבער ניין, ס'איז נישט געווען קיין חלום. די שיסל איז געשטאַנען אויבנאָן אויף דער שאַפע, און די קיכעלעך האָבן זיך קלאָר אָנגע־זען.

אין שטוב זענען שוין אַלע געשלאָפן. נאָר די מאַמע האָט פון צייט צו צייט זיך נאָך אַ דריי געטאָן אויף איר געלעגער און געקרעכצט. איך האָב זיך צוגעהערט צו דער מאַמעס קרעכצן, און לויט איר קרעכצן האָב איך אויס־גערעכנט, ווי נאָענט זי האַלט שוין ביים אַנטשלאָפן ווערן. ווען זי האָט אויפגעהערט קרעכצן, האָב איך גענומען מאַכן מיינע פלענער ווי צוצוקומען צו די קיכעלעך. דאָס איז נישט געווען אַזוי פשוט. ס'האָט זיך געפאָדערט אַ סך אויסרע־כענונג, און נאָך מער פאָרזיכטיקייט, ווייל די מאַמע האָט

געהאַט אַ גרינגן שלאָף און דער מינדסטער שאָרף האָט זי אויפגעוועקט.

פלוצים האָט אַ געדאַנק מיר אויפגעלויכטן אין קאָפּ. איך האָב זיך דערמאַנט, אַז מיין עלטערער ברודער משה פאָרט גאַנץ פרי אין שטאָט אריין קויפן סחורה, און ער האָט צוגעזאָגט מיך מיטצונעמען. דאָס האָט אויסגעצייכנט געשטימט מיט מיין פּלאַן. דאָס האָט געמיינט, אַז איך קאָן אָנפילן פולע קעשענעס מיט קיכעלעך און זיי אויפעסן אויפן וועג, אָן דער מאַמעס וויסן.

דער דאָזיקער געדאַנק האָט מיר צוגעגעבן מער מוט ווי איך וואָלט געוויינלעך געהאַט. איך בין אַראָפּ פון בעט, זיך צוגעגנבעט צו דער שאַפע, אונטערגעשטעלט אַ בענקל, און אָנגענומען פולע הענט מיט קיכעלעך. איך האָב די קיכעלעך אריינגעשטופּט אין אַלע מיינע קעשענעס, און זיך צוריקגעלייגט אין בעט אריין. ליגנדיק אין בעט, האָב איך שוין געפילט דעם זיסן טעם פון דער מאָרגנדיקער הנאה.

*

אויף מאָרגן, ווען איך און מיין ברודער זענען שוין געווען אויפן וועג, בין איך געזעסן אין וועגעלע ווי אויף שפּילקעס. איך האָב געטאַפּט דעם אוצר פון מיינע קעשענעס און זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן ביז איך וועל צוקומען צו אים. אָבער דאָס איז נישט געווען אַזוי גרינג. דער ברודער איז געזעסן לעבן מיר און ס'איז פּשוט נישט מעגלעך געווען, איך זאָל זיך איינבייסן אין אַ קיכעלע אַז ער זאָל נישט זען. און זען האָט דער ברודער נישט געטאָרט, ווייל מיט אַזאַ גנבה האָט מען פאַר אַן עלטערן ברודער זיך

באַדאַרפֿט היטן נישט ווינציקער ווי פֿאַר דער מאַמען.

איז מיר איינגעפֿאַלן אַ געדאַנק. איך האָב אָנגעוויזן מיין ברודער אויף אַ ראָד, וואָס מיר האָט זיך „געדאַכט" אַז ס'שאָקלט זיך, און בעת־מעשה אַריינגעכאַפּט אַ קיכעלע אין מויל. אָבער ווען איך האָב געגעבן דעם ערשטן קיי, איז מיר זויער געוואָרן אין מויל. איך האָב בגנבה אויסגעשפּיגן די זויערע ברעקלעך, און זיך באַלד געכאַפּט וואָס דאָ איז געשען. דאָס זענען נישט געווען די אמתע קיכעלעך, נאָר גאָר די זויערע הייוון־פּלעצלעך, וואָס די מאַמע האָט אָנגעגרייט און וואָס האָבן אויסגעזען אַקוראַט ווי אמתע קיכעלעך.

פֿאַרשטייט זיך, איך האָב געוואָלט פּטור ווערן פֿון די פֿולע קעשענעס מיט הייוון־פּלעצלעך. אָבער ווי טוט מען דאָס? ווי מאַכט מען אַז דער ברודער זאָל נישט זען? איז מיר ווידער איינגעפֿאַלן אַ געדאַנק. איך האָב אָנגעוויזן דעם ברודער אַ באַקאַנט פֿויער־שטיבל, אַ טשערעדע בהמות, אַ סטאַדע שאָף, און בעת מעשה אַרויסגעוואָרפֿן די הייוון־פּלעצלעך פֿון די קעשענעס. ווען איך בין פּטור געוואָרן פֿון די פּלעצלעך, איז מיר אַראָפּ אַ שטיין פֿון האַרצן.

ס'ווייזט אָבער אויס, אַז מיר איז נישט באַשערט געווען קיין מזל. ביי טאָג, ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט אַהיים, און מיר זענען שוין געווען נאָענט פֿון הויז, האָט דער ברודער פּלוצים אויסגערופֿן:

— זע־נאָר! אַ קיכעלע!

ער האָט אָנגעוויזן אויף אַ הייוון־פּלעצל, וואָס איז געלעגן פּונקט אין מיטן וועג. מיר איז פֿינצטער געוואָרן אין די אויגן. פֿונדעסן האָב איך זיך אָנגענומען מיט האַרץ, און געזאָגט:

— וואָס פעלט דיר איין? ווי קומט אַ קיכעלע אין מיטן וועג? ס׳דאַכט זיך דיר.

— וואָס הייסט, ס׳דאַכט זיך מיר? — האָט דער ברודער געזאָגט און אָפּגעשטעלט דאָס פערד. צום גליק האָט ער זיך אָבער באַררעכנט און איז נישט אַראָפּ פון וועגעלע. ער האָט אַ טרייב געטאָן דאָס פערד און מיר זענען געפאָרן ווייטער.

אַ ווײַלע שפּעטער גיט דער ברודער ווידער אַ זאָג:

— זע! נאָך אַ קיכעלע!

ער האָט ווידער אָפּגעשטעלט דאָס פערד און זיך געלאָזט אַראָפּגייען.

— וואו גייסטו? — האָב איך אים אָנגעכאַפּט ביים האַנט.

— איך גיי אויפהויבן דאָס קיכעלע.

— וואָס מיינסטו? וועסט דאָך נישט עסן אַ קיכעלע וואָס ליגט אויף דער ערד.

— פאַרוואָס נישט? אַז מ׳ווישט עס אָפּ, קאָן מען עס עסן.

ער איז אַראָפּ פון וועגעלע און אויפגעהויבן דאָס הייוון־פּלעצל.

— כ׳וואָלט געקאָנט שווערן, אַז דאָס זענען דער מאַמעס קיכעלעך, — האָט דער ברודער געזאָגט.

— וואָס רעדסטו? — האָב איך אַרויסגעשטאַמלט און געפילט, אַז דאָס בלוט ווערט אין מיר פאַרגליווערט. — ווי קומען אַהער דער מאַמעס קיכעלעך?

פּלוצים האָט דער ברודער אַ קוק געטאָן פאַראויס, און אויסגערופן:

— זע־נאָר! אַ גאַנצע רייע קיכעלעך!

כ׳האָב געוואוסט, אַז איך בין אַ פאַרפאַלענער. אַלע הייוון־פלעצלעך, וואָס איך האָב אינדערפרי אַרויסגעוואָרפן פון די קעשענעס, זענען געלעגן אין מיטן וועג, אין אַ לאַנגער רייע, איינס נאָך ס׳אַנדערע, ווי מ׳וואָלט זיי אויסגעשטעלט. דעם ברודער האָט זיך פאַרוואָלט זיי דווקא אויפצוקלייבן און זיי אַהיימברענגען צו דער מאַמען. ער האָט מיך געהייסן טרייבן דאָס פערד, און ער איז נאָכגעגאַנגען ביי דער זייט פון וועגעלע און אויפגעקליבן אַלע פלעצלעך פון דער ערד.

ווען ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין וועגעלע און פאַרזוכט אַ פלעצל, האָט ער באַלד אויסגעשפּיגן, און געזאָגט:

— אוי! דאָס זענען דאָך דער מאַמעס הייוון־פלעצלעך!

איך בין געזעסן אין וועגעלע ווי אַ פאַרמשפּטער און געטראַכט פון דעם פּסק, וואָס איך וועל קריגן אין דער היים.

אַזוי גיך ווי דער ברודער איז אַריינגעקומען אין שטוב, איז ער גלייך צוגעגאַנגען צו דער מאַמען מיט די פלעצלעך אין האַנט. נאָך איידער ער האָט געעפנט דאָס מויל, האָט די מאַמע אויסגערופן:

— זע־נאָר! מיינע הייוון־פלעצלעך!

ווען דער ברודער האָט איר געזאָגט, וואו ער האָט די פלעצלעך געפונען, האָט די מאַמע באַלד פאַרשטאַנען. זי האָט אַ שמעק געטאָן צו מיינע קעשענעס, און געזאָגט:

— וואָ־דען... אודאי...

איך האָב שוין גאָרנישט געקאָנט זאָגן, ווייל מיט דעם איינעם שמעק צו מיינע קעשענעס איז מיין גנבה פולשטענדיק באַוויזן געוואָרן. איך בין געשטאַנען אַ בלייכער,

אַ צעשראָקענער, און געוואַרט אויף מיין פּסק. איך בין געווען זיכער, אַז די מאַמע וועט באַלד אַ כאַפּ טאָן דעם וואַלגערהאָלץ, אָדער די קלעשטעס פון פּריפּעטשיק, אָדער מיך גאָר צוקלאָגן צום טאַטן, וואָס דאָס וואָלט נאָך ערגער געווען. אָבער די מאַמע האָט גאָרנישט געטאָן. זי איז אַפילו אין כעס נישט געוואָרן. זי איז נאָר געשטאַנען און געקוקט אויף מיר. מיטאַמאָל האָט זי זיך שטאַרק צעלאַכט. דער טאַטע, וואָס איז נישט געוואוינט געווען צו הערן די מאַמע אַזוי לאַכן, איז באַלד צוגעקומען. נאָך אים זענען געקומען אַלע אַנדערע פון שטוב. די מאַמע האָט זיי דערציילט וואָס ס׳איז פאָרגעקומען, און אַלע האָבן מיך מכבד־געווען מיט אַ גרויס געלעכטער.

איך בין געשטאַנען אַ פאַרשעמטער, מיט טרערן אין די אויגן.



מיין „גנבה" פון די קיכעלעך האָט אַרויסגערופן גרויס געלעכטער ביי אַלעמען אין שטוב. איך בין געשטאַנען אַ פאַרשעמטער, מיט טרערן אין די אויגן...

# די קללה



י פריילעכע זונטיקס ביי אונדז אין קרעטשמע פלעגן זיך אָפּט ענדיקן מיט אַ געשלעג. דער געשלעג פלעגט געוויינלעך אויסברעכן אין אָוונט, ווען די פּויערן זענען שוין גע־ווען טויט שיכור. אַז דער טאַטע האָט דער־שמעקט אַ געשלעג, האָט ער באַצייטנס געהייסן אַראָפּנעמען די פלעשער און גלעזער פון די טישן, און איינוועגס שוין אויך אַפּראַמען פון וועג די ליידיקע קעסטלעך, די שטיקלעך האָלץ און אייזן, וואָס פלעגן זיך וואַלגערן איבער דער קרעטשמע און וואָס האָבן געקאָנט צוניץ קומען די שלעגערס אין זייער רציחה.

דער געשלעג פלעגט זיך אָנהויבן שטיל, כמעט אומ־באַמערקט. ערגעץ ביי אַ טיש האָבן צוויי שיכורע פּויערן זיך צעווערטלט. דאָס איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ גאַנץ געוויינלעכע זאַך, און קיינער האָט זיך אַפילו נישט אומ־געקוקט. אָבער באַלד זענען די צוויי פּויערן אויפגעשפּרונגען און גענומען פּאַטשן מיט די הענט. פון פּעטש זענען זיי אי־בערגעגאַנגען צו קוליקעס, און פון קוליקעס צו שטעקנס. דאָ האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער רעכטער געשלעג. וואָרן די שטעקנס האָבן פאַרטשעפּעט אַנדערע פּויערן, און אַזוי ווי דאָס גאַנצע דאָרף איז געווען פאַרקניפּט און פאַרבונדן

דורך כלערליי קרובהשאפטן, האט איינער זיך אנגענומען פאר א צווייטן, א צווייטער פאר א דריטן, און באלד זענען שוין אלע פויערן פון קרעטשמע געווען פארוויקלט און פארפלאנטערט אין דעם געשלעג.

דער טאטע האט געהאט א מיטל ווי אפצושטעלן די ביינאכטיקע געשלעגן. ווען ער האט געזען, אז דער געשלעג צעוואקסט זיך, האט ער געהייסן פארלעשן דעם לאמפ. אין דער פינצטער האט שוין קיינער נישט געוואוסט ווער ווען ס'שלאגט, און מ'האט נאר געהערט די רציחהדיקע קולות פון די שלעגערס און דאס קוויטשען און קרעכצן פון די געשלאגענע. און אזוי גיך ווי א זון האט דערהערט דעם קרעכץ פון זיין טאטן, אדער א מאן האט דערקענט דעם קוויטש פון זיין ווייב, האט דער געשלעג זיך אפגעשטעלט.

אבער דאס זענען געווען קליינע געשלעגן. א גרויסן געשלעג האט מען נישט געקאנט אפשטעלן. און א גרויסער געשלעג האט געהייסן, ווען ראשקאנו האט זיך ארייגגעמישט.

*

ראשקאנו איז געווען א יונגער, געזונטער פויער, הויך און ברייט געוואקסן. ער האט געהאט גרויסע באקנביינער און קליינע שארפע אויגן. אין דארף האט מען אים גערופן „היידוק", מחמת זיין גבורה און שיינער קליידונג. ער האט געטראגן א גרויסן שווארצן קאפעלוש מיט ברייטע ראנדן און מיט א לאנגן געפלאכטענעם טראלד ביי דער זייט. זיין העמד איז געווען אויסגענייט מיט די שענסטע בלומען און קווייטן, און אנשטאט א געוויינלעכן וואלענעם גארטל, פלעגט

ער טראָגן אַ ברייטן לעדערנעם „קימיר”, באַצירט מיט געלע פּליטערלעך און קרעלן פון אַלערליי קאָלירן. אַפילו דאָס פאַרשנירטע געלט־בייטעלע, וואָס האָט אַרויסגעשטעקט פון זיין „קימיר”, איז געווען באַנייט מיט שיינע קרעלן. אָבער דאָס וואָס האָט אים מער פון אַלץ געמאַכט אויסזען ווי אַ היידוק, איז געווען דאָס קליינע ווייסע שעפּסענע פּעלצל מיט די געלע לעדערנע טאַשמעס און אויסגענייטע בלומען, וואָס ער האָט שטענדיק געטראָגן אויף אַן אַקסל, מיט אַ קייטעלע און אַ שפּראַנטשיק ביים האַלדז.

אין קרעטשמע פלעגט ראַשקאַנו זיך האַלטן מיט ווירדע. די געוויינלעכע פלאַפּלערייען און רכילות ביי די טישן, האָט ער פיינט געהאַט. ער האָט בכלל נישט ליב געהאַט אַ סך צו רעדן. אַז ער פלעגט אַריינקומען אין קרעטשמע, פלעגן די פויערן ביי די טישן זיך נעמען רוקן און מאַכן פּלאַץ פאַר אים. אָבער ראַשקאַנו פלעגט זיך אויסקלייבן אַ ווינקל, מערסטנס לעבן די קלעזמער. באַלד ווי ער האָט זיך אוועק־געזעצט, פלעגט דער ציגיינער־פידלער זיך צושאַרן צו אים, זיך צובויגן נאָענט מיט זיין פידל, און אים עפּעס אַריינ־שפּילן אין אויער. דער צווייטער ציגיינער, מיט דער קאָבזע, פלעגט שטייען ביי דער זייט און אונטערצימבלען מיט זיין געגנדזענער פעדער. ראַשקאַנו האָט ליב געהאַט מ׳זאָל אים אַריינשפּילן אין אויער, בפרט ראָמאַנסן, וואָס האָבן דער־ציילט פון ליבע און פאַרליבטע. ער האָט אויך ליב געהאַט, אַז בשעת די קלעזמער שפּילן, זאָלן זיי אונטערזינגען די ווערטער פון דעם לידל. ווען ער פלעגט דאָס פאַרלאַנגען, פלעגט דער פידלער זיך צובויגן נאָך נענטער צו אים, און צוזינגען מיט אַ פאַרמאַכט אויגל:

כ׳האָב געליבט צווייַ אויגן בלויע,
און נאָך איצטער ליב איך זיי,
אָבער נעכטן טרעף איך אויגן
שענערע פון יענע צוויי.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט דער קאַבזאַר אונטערגעכאַפּט דאָס לידל, און זיך צעזונגען מיט אַ הייזעריק קול:

אוי, איר אויגעלעך פון נעכטן,
צו די בלויע קומט איר ניט,
גוט מיט אייך איז נאָר אַ ווײַלע,
אייביק נעמט מען אייך נישט מיט.

ווען ראַשקאַנו האָט זיך אָנגעזעטיקט מיט די לידלעך, האָט ער אַ פּאַך־געטאָן מיט דער האַנט ביים אויער, און די קלעזמער האָבן זיך אָפּגעטראָגן.

*

הגם ראַשקאַנו האָט זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט און מיט ווירדע, איז ער פונדעסן געווען אַ וואוילער, גוטהאַרציקער מענטש. ער האָט אַפילו ליב געהאַט צו טאָן טובות. אַז מ׳האָט באַדאַרפט אויסלאָדן אַ וואָגן מיט שווערע זעק, איז ער שטענדיק געווען גרייט אויסצולייען זיינע געזונטע פּלייצעס.

נאָר טאָמער האָט ראַשקאַנו זיך אָנגעשיכורט, איז ער געווען אַ סכנה. ער איז דענצמאָל געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש. ביים דריטן גלעזל בראָנפן, האָט ער שוין נישט

געוואוסט וואָס ס'טוט זיך מיט אים. זיינע גרויסע באַקנ־ביינער זענען געוואָרן פאַרשפּיצט און זיינע קליינע אויגן האָבן געבליצט ווי אָנגעגליטע שפּיזלעך. אין אַזאַ צייט איז געווען אַ סכנה צו פאַרטשעפּען זיך מיט אים. דאָס מינדסטע וואָרט האָט אים אָנגעצונדן און אַרויסגערופן די גרעסטע רציחה. און טאַמער פלעגט ראַשקאַנו שיכורערהייט זיך אַריינוואַרפן אין אַ געשלעג, פלעגן פויערן פאַלן ווי סנאָפּעס און בלייבן ליגן מיט אונטערגעהאַקטע זייטן, מיט אויסגע־זעצטע ציין, און נישט זעלטן מיט צעשפּאָלטענע קעפּ.

נאָך אַזאַ געשלעג, פלעגט ראַשקאַנו קומען אין קרעטש־מע אַ פאַרשעמטער און מיט גרויס חרטה פאַר דעם וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. דער טאַטע פלעגט אים אויסמוסרן און ער, ראַשקאַנו, פלעגט אויסהערן דעם טאַטנס מוסר מיט אַראָפּ־געלאָזטע אויגן. ער פלעגט זיך שווערן און צלמען אַז ער איז אַ גוטער מענטש, אַז ער וויל קיינעם קיין שלעכטס נישט טאָן, און אַז ווען נישט דער בראָנפן וואָס צינדט אים אָן, וואָלט ער קיינעם נישט געטשעפּעט. ער פלעגט בעטן דעם טאַטן, אַז נאָך אַמאָל, ווען ער וועט קומען אין קרעטש־מע, זאָל דער טאַטע מער ווי צוויי גלעזלעך בראָנפן אים נישט פאַרקויפן. אָבער אַז ס'איז געקומען אַן אַנדער זונטיק, און ראַשקאַנו האָט אויסגעטרונקען די צוויי גלעזלעך בראָנפן, האָט ער פאַרגעסן וואָס ער האָט צוגעזאָגט און געמאָנט נאָך בראָנפן. דער טאַטע פלעגט טענהן מיט אים, ער פלעגט אים דערמאָנען אין זיין שבועה, אין זיין צלמען, אָבער ס'האָט נישט געהאָלפן. ראַשקאַנו האָט פאַרשפּיצט זיינע באַקנ־ביינער, געשאָסן פייער פון די קליינע שפּיזלדיקע אויגן, און דער טאַטע האָט שוין קיין ברירה נישט געהאַט. פלעגט

ראַשקאַנו זיך ווידען אָנשיכורן, ווידער זיך אַריינלאָזן אין אַ געשלעג, און ווידער אַרויסווייזן זיין געפערלעכע רציחה.

איינמאָל, ווען ראַשקאַנו האָט זיך אָנגעשיכורט און זיך אַריינגעוואָרפן אין אַ געשלעג, איז ער אַריין אין אַזאַ רציחה, אַז ער האָט שיִר אַוועקגעהרגעט אַ פּויער. דער פּויער האָט אַ צייט געשוועבט צווישן לעבן און טויט. די געשיכטע איז דערגאַנגען אַזש צום פּרעפעקט, און מ׳האָט געשמועסט, אַז אויב דער פּויער זאָל שטאַרבן, וועט ראַשקאַנו פאַרשיקט ווערן אין תּפיסה אויפן גאַנצן לעבן. צום גליק איז דער פּויער געזונט געוואָרן, און ראַשקאַנו איז אָפּגעקומען מיט אַ קליי־נער שטראָף.

נאָך יענער געשיכטע, איז ראַשקאַנו געקומען אין קרעטשמע, אינאיינעם מיט נאָך צוויי פּויערן און מיטן גלח פון דאָרף, און פאַר זיי אין די אויגן האָט ער זיך געשוואוירן און געצלמט, אַז ווייטער וועט ער מער ווי צוויי גלעזלעך בראָנפן מיט אַמאָל שוין קיינמאָל נישט טרינקען. ער האָט געקניט פאַרן גלח, געקושט דעם גלחס צלם, און זיך גע־בעטן ביי די צוויי מיטגעבראַכטע פּויערן, אַז טאָמער וועט ער נישט האַלטן וואָרט, זאָלן זיי אים אָנברעכן די ביינער און אַרויסוואַרפן פון קרעטשמע.

אַ צייט האָט ראַשקאַנו געהאַלטן וואָרט. אַז ער פלעגט קומען אין קרעטשמע און אויסטרינקען דאָס צווייטע גלעזל בראָנפן, פלעגט ער אַליין אַ זאָג טאָן צום טאַטן: גענוג! ער האָט זיך אָפּגעטראָגן אין אַ ווינקל, און איז שוין מער יענעם טאָג נישט צוגעקומען צום שענק־טיש.

די פּויערן פון דאָרף האָבן זיך שטאַרק געפרייט וואָס ראַשקאַנו איז געוואָרן אַ לייט.

*

אין אַ צייט אַרום איז ראַשקאַנו איינמאָל אַריינגע־לאָפן אין קרעטשמע מיט דער בשורה, אַז זיין ווייב האָט אים געבוירן אַ קינד, דאָס ערשטע קינד. ער איז געווען גליקלעך און צערעשט, און באַשטעלט בראָנפן פאַר אַלעמען. ווען ער האָט אויסגעטרונקען דאָס צווייטע גלעזל בראָנפן, איז ער צוגעקומען צום טאַטן מיט אַ בקשה: אַזוי ווי ביי אים איז אַ גרויסע שמחה, זאָל דער טאַטע דאָס מאָל מאַכן אַן אויס־נאָם און אים גיבן נאָך אַ גלעזל בראָנפן.

דער טאַטע האָט צוגערופן די צוויי פויערן, די עדות, און זיך געעצהט מיט זיי. די פויערן האָבן לאַנג באַקלערט דעם ענין און געקומען צום באַשלוס, אַז אַזוי ווי ראַשקאַנו האָט שוין אַ צייט געהאַלטן וואָרט, און אַזוי ווי ביי אים איז אַ שמחה, מעג מען דאָס מאָל אים געטרויען נאָך אַ גלעזל בראָנפן.

אָבער אַז ראַשקאַנו האָט אויסגעטרונקען דאָס דריטע גלעזל בראָנפן, איז ער שוין נישט געווען דער זעלבער ראַש־קאַנו. אַלץ אין אים האָט זיך געביטן: די אויגן, דאָס פּנים, אַפילו זיין שטימע. ער האָט זיך געוואַקלט איבער דער קרעטשמע, זיך פאַרטשעפעט אין די אייגענע פיס און יעדע ווײַלע אַרויפגעפאַלן אויף עמעצן אַנדערש. דערנאָך האָט זיך איבערגעחזרט די אַלטע געשיכטע. ער האָט זיך צוגע־שלעפּט צום שענק־טיש און געמאָנט נאָך בראָנפן ביים טאַטן.

דער טאַטע האָט ווידער איינגעטענהט מיט אים. ער האָט אים דערמאָנט אין דער שבועה, וואָס ער האָט געגעבן דעם גלח און די צוויי פויערן, אין דעם גלחס צלם וואָס ער האָט געקושט, און אין דעם פויער וואָס ער האָט שיר אַוועק־געהרגעט. אָבער ראַשקאַנו האָט שוין קיין זאַך נישט גע־

דענקט, און געלייקנט אַלץ וואָס דער טאַטע האָט אויס־
גערעכנט.

— נישט אמת! — האָט ער געזאָגט. — כ׳האָב קיינ־
מאָל קיין שבועה נישט געגעבן, און קיינמאָל קיין צלם נישט
געקושט!

דער טאַטע האָט ווידער צוגערופֿן די צוויי עדות און
פֿון זיי פֿאַרלאַנגט, אַז זיי זאָלן אָנווענדן זייער רעכט. די
צוויי פֿויערן האָבן זיך איבערגעקוקט, און ווען זיי האָבן
דערזען ראַשקאַנוס פֿאַרשפּיצטע באַקנביינער און די צעבליצטע
פֿייערלעך אין זיינע אויגן, האָבן זיי פֿאַרלוירן דאָס לשון.
זיי האָבן גענומען שטאַמלען, קוועטשן מיט די פּלייצעס און
קראַצן די קעפּ. צום סוף האָבן זיי זיך אָפּגעטראָגן און אי־
בערגעלאָזט דעם גאַנצן עסק צום טאַטן.

דער טאַטע האָט זיך געהאַלטן ביים אָפּמאַך: ער גיט
נישט קיין בראָנפֿן.

ראַשקאַנו האָט זיך אָנגעצונדן:

— בראָנפֿן! — האָט ער געשריגן.

דער טאַטע האָט נישט נאָכגעגעבן.

— בראָנפֿן! — האָט ראַשקאַנו געקלאַפּט אין טיש. —
איך וויל בראָנפֿן!

די צוויי עדות זענען צוגעלאָפֿן, און זיך געבעטן ביי
אים:

— ראַשקאַנו, דו דאַרפֿסט נישט.

— ראַשקאַנו, דו טאָרסט נישט.

ראַשקאַנו האָט זיך נאָך מער אָנגעצונדן. ער האָט
אָנגעכאַפּט דעם טאַטן ביי די אַקסל און אים געטרייסלט:

— בראָנפֿן, זשידאַנע!

דער טאַטע האָט נישט נאָכגעגעבן.

ראַשקאַנו האָט אַ קריץ געטאָן מיט די ציין, און דער־לאַנגט דעם טאַטן אַ פּאַטש.

אין קרעטשמע איז מיטאַמאָל געוואָרן שטיל — טויט שטיל. דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל וואָס אַ פּויער האָט דעם טאַטן אַ פּאַטש געטאָן. די שיכורע פּויערן האָבן זיך אויסגעניכטערט פון גרויס דערשטוינונג. זיי זענען געבליבן זיצן ביי די טישן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.

דער טאַטע איז געשטאַנען הינטערן שענק־טיש, אַ בלייכער. ער האָט געקוקט אויפן קריגל וויין, וואָס ראַשקאַנו האָט אין זיין ווילדער רציחה איבערגעקערט און אויסגע־גאָסן אויפן טיש. ראַשקאַנו איז געשטאַנען אויף דער צוויי־טער זייט שענק־טיש מיטן קאָפּ איינגעגראָבן אין דער ברוסט. דער פּאַטש האָט אים אויך אויסגעניכטערט. ער האָט גע־ביסן די וואָנצעס, געצוקט מיט די באַקנביינער, און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן.

דער טאַטע איז אַפּירגעגאַנגען פון הינטערן שענק־טיש און זיך אַוועקגעשטעלט אין מיטן קרעטשמע.

— הערט, גאָספּאָדאָרן! — האָט ער געזאָגט צו די פּויערן. — שוין דרייסיק יאָר אַז איך האַלט דאָ די קרעטשמע. ביז היינט האָט נאָך קיינער נישט געלייגט אַ האַנט אויף מיר. די האַנט, וואָס האָט מיר היינט אַ פּאַטש געטאָן, וועט אָפּ־פאַלן!

דעם טאַטנס לעצטע ווערטער האָבן אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף די פּויערן. זיי זענען געבליבן זיצן פאַרגליווערט, מיט אָפענע מיילער. דאָ און דאָרט האָט זיך איינער איבערגע־צלמט.

ראַשקאַנו איז לאַנגזאַם אָפּגעגאַנגען אין אַ ווינקל און זיך אויסבאַהאַלטן פון עולם. אָבער אַלעמענס אויגן האָבן

אים אויפגעזוכט און געשאָכטן מיט פּאַרוואורף. עמעצער האָט אים אָנגענומען ביי דער האַנט און אַרויסגעפירט פון קרעטשמע.

*

ראַשקאַנו איז שוין מער נישט געקומען אין קרעטשמע. אַפילו די אַנדערע פויערן האָבן עטלעכע טעג זיך געשעמט צו ווייזן ס׳פּנים. אַז זיי האָבן עפּעס באַדאַרפט, האָבן זיי געשיקט די קינדער.

איינמאָל, אין אַ ביימאָג, ווען אין קרעטשמע זענען געזעסן נאָר עטלעכע פויערן, האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ רעווען פון דרויסן. אַלע זענען אַרויסגעלאָפן. פון וואַלד, קעגנאיבער דער קרעטשמע, איז געלאָפן אַ פויער מיט ווילדע קולות. ווען ער איז נענטער צוגעקומען, האָט מען געזען, אַז דאָס איז ראַשקאַנו. איין האַנט איז ביי אים געווען פאַרגאָסן מיט בלוט, און אין דער צווייטער האַנט האָט ער געהאַלטן אַן אָפּגעהאַקטן פינגער. ער איז צוגעלאָפן צו דער קרעטשמע און זיך אַ וואָרף געטאָן צום טאַטנס פיס.

— זע! — האָט ער יאָמערלעך געשטאַמלט, און אָנגעוויזן אויפן אָפּגעהאַקטן פינגער. — זע! געגאַנגען אין וואַלד... געהאַקט בוימער... זע...

די עטלעכע פויערן, וואָס זענען געשטאַנען לעבן טאַטן, האָבן געקוקט מיט שרעק אויף ראַשקאַנוס אָפּגעהאַקטן פינגער און זיך געצלמט.

ראַשקאַנו האָט אַרומגעכאַפּט דעם טאַטנס פיס מיט דער פאַרבלוטיקטער האַנט, און געבעטן:

— זיי מיר מוחל... כ׳בעט דיך... זיי מיר מוחל...

דער טאַטע האָט דערשראָקן געזאָגט:
— איך בין דיר מוחל.
ראַשקאַנו האָט געקושט דעם טאַטנס פּיס און איז אַהיימגעלאָפן אַ גליקלעכער, מיטן אָפּגעהאַקטן פינגער אין האַנט.

*

אין דאָרף האָט מען נישט אויפגעהערט רעדן און שטוינען פון דעם טאַטנס קללה, וואָס איז מקוים געוואָרן. מ׳האָט גערעדט אין די כאַטעס און איבער די פּלויטן, אין וואַלד און אויף די פעלדער ביי דער אַרבעט. פון דאָרף האָט די מערקווירדיקע פּאַסירונג זיך אַוועקגעטראָגן איבער די שליאַכן, איבער אַלע אַרומיקע דערפער, אַזש ביז אין שטאָט אַריין.

אומעטום האָבן פויערן דערציילט און איבערדערציילט מיט אַלע פּרטים, ווי אַזוי ראַשקאַנו האָט דערלאַנגט דעם טאַטן אַ פּאַטש, ווי אַזוי דער טאַטע האָט אים פאַרשאָלטן, ווי אַזוי ראַשקנו איז דערנאָך געגאַנגען אין וואַלד האַקן ביימער, און ווי אַזוי ער האָט זיך אָפּגעהאַקט אַ פינגער פון דער זעלבער האַנט, וואָס האָט דעם טאַטן אַ פּאַטש גע־טאָן.

אַפילו דער גלח אין קלויסטער האָט געהאַלטן אַ דרשה וועגן דעם.



דער פּויער ראַשקאַנו איז געפאַלן צום טאַטנס פיס און געבעטן מחילה
פאַר דעם פּאַטש וואָס ער האָט אים געגעבן.

# די שלאַנג

ער אַלטער מיכאַלאַקע איז געווען אַ קליין פּויערל, אַ ברעקל מענטש. אַז די קרעטשמע איז געווען געפּאַקט, האָט מען אים לחלוטין נישט אַרויסגעזען. מ׳פֿלעגט נאָר הערן זיין שפּיציק קול, וואָס האָט אַרויסגעקוויטשעט פֿון צווישן עולם ווי דאָס פּיסטשען פֿון אַ פֿייגעלע וואָס ליגט באַהאַלטן אין אַ טאָפּ.

און אָט דער קליינינקער מיכאַלאַקע האָט געהאַט אַ געוואַלדיקן חשק אַרויסצואווייזן גבורה. דער חשק צו גבורה פֿלעגט אים מוטשען און טרייבן צו די שווערסטע אַרבעטן. אַזוי, למשל, אַז מ׳האָט באַדאַרפֿט אויסלאָדן אַ וואָגן מיט שווערע זעק, איז ער דער ערשטער צוגעשפּרונגען. די פּויערן, וואָס האָבן זיך מתעסק־געווען מיט די זעק, האָבן געלאַכט, געהאַט שפּאַס מיט אים, און אים געטריבן פֿון וואָגן, ווי מ׳טרייבט אַ קליין פּאַרעקשנט שייגעצל וואָס קריכט צווישן גרויסע. אָבער מיכאַלאַקע איז נישט אָפּגעטראָטן. ער איז געלאָפֿן אַרום דעם וואָגן, זיך געשטופּט מיט זיינע שמאָלע פּלייצעס, געשטרעקט די קורצע הענטלעך, און זיך געריסן צו די זעק. שפּעטער, ווען די פּויערן האָבן זיך אָפּאַרעט מיט דער אַרבעט און געווישט דעם שווייס, איז מיכאַלאַקע אויך געשטאַנען צווישן זיי און זיך אויך געווישט דאָס פּנים מיט אַ גרויסער פֿאַטשיילע.

און פּונקט אַזוי פלעגט דער אַלטער מיכאַלאַקע זיך רייסן שלאָגן. דאָס חיות איז אים ממש אויסגעגאַנגען נאָך אַ געשלעג. אָבער קיינער האָט אים נישט געוואָלט צוליב־טאָן. דער ביטול האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן, און ער האָט געפּרואווט כלערליי מיטלען אַרויסצורופן אַ געשלעג. איין מיטל איז געווען: זיין שטעקן. ער האָט פאַרלייגט דעם שטעקן אונטער דער פּאַכווע, מיטן שפּיץ אַרויסגעשטעקט, און זיך געשאַרט אַרום די בענק. זיין שטעקן האָט יעדע ווײַלע פאַרטשעפּעט אַן אַנדער פּויער, אָבער קיינער האָט זיך נישט געמאַכט וויסנדיק. האָט מיכאַלאַקע געפּרואווט זיין צווייט מיטל: דעם גאַרטל. ער האָט אויפגעוויקלט זיין לאַנגן וואָלענעם גאַרטל און אים געלאָזט זיך נאָכשלעפּן אויף דער ערד. די פּויערן האָבן געוואוסט זיין כונה, און אויס־געמיטן דעם גאַרטל. אַפילו די שיכורע פּויערן האָבן זיך באַמיט צו באַהערשן זייערע לויזע, וואַקלדיקע פיס.

דער סוף איז געווען — ווי אַלע מאָל. מיכאַלאַקע איז געבליבן שטיין אין מיטן קרעטשמע מיטן אויפגעוויקלטן גאַרטל — אַ פאַרשעמטער און געקרענקטער פון אַלעמענס ביטול.

*

פונדעסן האָבן אַלע ליב געהאַט מיכאַלאַקען. זיין חשק צו גבורה און זיינע טשיקאַווע שפּיצלעך, האָבן פרייַלעך גע־מאַכט אין קרעטשמע. דערפאַר, אַז ער פלעגט אַ זונטיק נישט קומען אין קרעטשמע, האָט ער אַלעמען אויסגעפעלט.

און אָט זענען שוין אַוועק עטלעכע זונטיקס זינט מי־כאַלאַקע האָט זיך נישט געוויזן. דאָס איז נישט געווען זיין

טבע. די פויערן האָבן זיך גענומען זאָרגן. ביי וועמען זיך נאָכפרעגן איז נישט געווען, ווייל מיכאַלאַקע האָט נישט געהאַט קיין שכנים אָדער קרובים. ער איז געווען אַ פּאַסטעך ביים פּריץ פון דאָרף און געוואוינט אַליין, אין אַ פאַרוואָר־פענער כאַטע פון וואַלד, ווייט פון אַלעמען. ס'איז אָבער גע־קומען אַ זונטיק, ווען די פויערן אין קרעטשמע האָבן שוין נישט געקאָנט רוען. האָט מען געשיקט אַ שייגעץ אויסגע־פינען וואָס מיט מיכאַלאַקען איז געשען.

דער שייגעץ האָט זיך אומגעקערט מיט אַ טרויעריקער בשורה:

— מיכאַלאַקע איז קראַנק.

די בשורה האָט אַלעמען דערשלאָגן.

— ער ליגט? — האָט אַ פויער געפרעגט.

— ניין, ער ליגט נישט, — האָט דער שייגעץ גע־זאָגט. — ער האַלט זיך ביים בויך.

— ער קרעכצט?

— יאָ, ער קרעכצט.

די פויערן האָבן געפרעגט דעם טאַטן וואָס צו טאָן. דער טאַטע האָט געהייסן ברענגען מיכאַלאַקען אין קרעטש־מע. צוויי פויערן זענען אַוועק אין וואַלד.

אין קרעטשמע איז די זונטיקדיקע שמחה שוין גע־ווען אַ פאַרשטערטע. די קלעזמער האָבן שוין נישט גע־שפּילט, און די גלעזלעך זענען געשטאַנען ליידיק אויף די טישן.

דער טאַטע האָט אויפגעזוכט דאָס פלעשל מיט „דאַווי־לאַ טראָפּנס" און עס אַוועקגעשטעלט אויפן שענק־טיש. די דאָרפישע פויערן האָבן גוט געקאָנט דאָס קליינע פלעשל מיט דער ברוינער פליסיקייט, וואָרן אַז עמעצער אין דאָרף האָט

געהאַט בויך־ווייטיק, אָדער אַזוי געפּילט שלעכט, איז ער געקומען צום טאַטן נאָך „דאַווילאַ טראָפּנס". די פּויערן האָבן שטאַרק געגלויבט אין דער רפואה.

אַ שייגעצל איז אַריינגעלאָפן און געזאָגט, אַז מ'ברענגט מיכאַלאַקען. אַלע זענען אַרויס אים באַגעגענען. די צוויי פּויערן האָבן געפירט מיכאַלאַקען ביי די הענט. מיכאַלאַקע איז געווען בלייך און צעשראָקן. ער האָט אויסגעזען קלע־נער און דאַרער ווי אַלע מאָל. מ'האָט אים אַריינגעפירט אין קרעטשמע און אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק לעבן שענק־טיש. איינער פון די צוויי פּויערן וואָס האָבן אים געבראַכט, איז צוגעגאַנגען צום טאַטן און אים עפּעס געזאָגט אין אויער.

מיכאַלאַקע האָט זיך צעשריגן:

— ס'איז נישט קיין סוד! כ'האָב איינגעשלונגען אַ שלאַנג!

די פּויערן אין קרעטשמע זענען געבליבן שטייען מיט אָפענע מיילער. דאָ און דאָרט האָט זיך איינער איבערגע־צלמט.

דער טאַטע איז צוגעגאַנגען צו מיכאַלאַקען מיטן פלעשל „דאַווילאַ טראָפּנס" אין האַנט.

— הער, מיכאַלאַקע, — האָט דער טאַטע צו אים גע־זאָגט. — דאָס קאָן נישט זיין. אַ מענטש קאָן נישט איינ־שלינגען אַ שלאַנג.

מיכאַלאַקע האָט זיך נאָך העכער צעשריגן:

— און איך האָב יאָ איינגעשלונגען!

— אָבער דאָס קאָן דאָך נישט זיין, — האָט דער טאַ־טע אים געפּרוּאווט דערקלערן. — מ'שלינגט נישט איין קיין שלאַנג.

מיכאַלאַקע איז ווייכער געוואָרן, און געזאָגט כמעט מיט געבעט:

— אָבער איך האָב דאָך פּאַרט איינגעשלונגען. — ער האָט געוויזן מיט דער האַנט אויפֿן בויך: — אָט דאָ ליגט זי. איך פֿיל ווי זי וואַרפֿט זיך.

דער טאַטע האָט אַרויסגענומען עטלעכע „דאַווילאַ טראָפּנס" אויף אַ שטיקל צוקער, און דערלאַנגט מיכאַלאַקען:

— נעם, מיכאַלאַקע. דאָס וועט דיר העלפֿן.

מיכאַלאַקע האָט צעקייט דאָס שטיקל צוקער מיט די טראָפּנס און זיך פֿאַרקרימט ווי פֿון אַ שטאַרקן געטראַנק.

אַ ווײַלע שפּעטער איז דער טאַטע צוגעקומען און אים געפֿרעגט:

— נו, ווי פֿילסטו אַצינד?

מיכאַלאַקע האָט געפּינטלט מיט די אויגן:

— דאַכט זיך, בעסער.

די פּויערן אין קרעטשמע זענען נשתומם געוואָרן פֿון דער שנעלער רפֿואה. זיי זענען געווען זיכער, אַז די טראָפּנס האָבן פֿאַרסמט די שלאַנג, און אַז זי וועט אין גיכן אַרויס־קומען אויפֿן זעלבן אופֿן ווי אַלץ וואָס אַ מענטש שלינגט איין.

אַ בגלופֿינער פּויער האָט פֿון גרויס שמחה זיך צע־טאַנצט אין מיטן קרעטשמע מיט אַ פֿלאַש אין האַנט. דער־נאָך האָט ער זיך צוגעוואַקלט צו מיכאַלאַקען און אים גע־שטופּט די פֿלאַש צום מויל:

— טרינק, מיכאַלאַקע! זאָל פּגרן די שלאַנג!

מיטאַמאָל האָט דער בגלופֿינער פּויער זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד, און גערעדט צו מיכאַלאַקעס בויך:

— שלענגעלע, ביסט קאפוט! באלד וועסטו פגרן...
יא, דו וועסט פגרן, און מיכאלאקע וועט ווערן געזונט.

די פויערן אין קרעטשמע זענען צוגעשטאנען, אז מיכאלאקע זאל דערציילן ווי אזוי ער האט איינגעשלונגען די שלאנג. מיכאלאקע האט זיך אפגעזאגט.

— דערצייל, מיכאלאקע, — איז דער בגלופינער פויער אויך צוגעשטאנען, און אים ווידער געשטופט די פלאש צום מויל. — טרינק, מיכאלאקע, און דערצייל.

ווען מיכאלאקע האט דערשמעקט דעם ריח פון בראנפן, האט ער א זופ געטאן פון דער פלאש, איין מאל און א צווייטן מאל, זיך אפגעווישט די וואנצעס, און געזאגט:

— גוט, איך וועל דערציילן. אבער איך וויל איר זאלט גלויבן וואס איך דערצייל אייך.

— אודאי וועלן מיר גלויבן, — האט אן עלטערער פויער זיך אפגערופן.

— אודאי, אודאי, — האבן אנדערע אונטערגעכאפט.

אין קרעטשמע איז געווארן שטיל. די פויערן האבן ארומגערינגלט מיכאלאקען און געווארט מיט שפאנונג. אפילו דער טאטע האט זיך אנגעשפארט מיט די עלנבויגנס אין שענק-טיש.

און מיכאלאקע האט דערציילט:

— כ'בין ארום מיט די שאף אין פעלד אריין, ווי אלע מאל. ווען די שאף האבן זיך געפאשעט, האב איך זיך אוועק-געלייגט אויפן גראז און, ווי אלע מאל, געשפילט אויף מיין פייפל. שפילנדיק, האב איך איינגעדרימלט, טאקע מיטן פייפל ביים מויל. אין שלאף האט זיך מיר געחלומט, אז איך בלאנדזשע אין א מדבר. יא, אין א מדבר, ווי איך בין א קריסט. די זון האט געברענט, און מיך האט שטארק גע-

דורשט. אָבער קיין וואַסער איז נישט געווען. קיין לעק וואַסער, ווי איך בין אַ קריסט. איך האָב שוין געפילט, אַז איך גיי־אויס פון דורשט. נאָר מיטאַמאָל האָט זיך באַוויזן אַ ריטשקעלע. אַזוי ווי פון הימל, ווי איך בין אַ קריסט. איך בין צוגעפאַלן צום ריטשקעלע און זיך גוט אָנגעטרונקען. דאָס וואַסער האָט מיך געקילט, אַ מחיה. אין מיטן טרינקען האָב איך זיך אויפגעכאַפּט און דערזען ביי מיר אין מויל דעם עק פון אַ שלאַנג. יאָ, אַן אמתע שלאַנג, ווי איך בין אַ קריסט. נאָר איידער וואָס־ווען, איז שוין די שלאַנג געווען אין מיר. איצט ליגט זי אָט־דאָ ביי מיר אין בויך. זי וואַרפט זיך און גריזשעט מיר די קישקעס.

די פויערן האָבן אויסגעהערט מיכאַלאַקען און זיך איבערגעקוקט מיט שטוינונג און מיט שרעק. אַלע האָבן געגלויבט, אַז אַזוי ווי מיכאַלאַקע האָט דערציילט, אַזוי איז געשען. אַלע — אַחוץ דער טאַטע.

דער טאַטע האָט ווידער דערלאַנגט מיכאַלאַקען אַ שטיקל צוקער מיט „דאַווילאַ טראָפּנס”, און אים געהייסן אַהיימגייען זיך לייגן. די זעלבע צוויי פויערן וואָס האָבן אים געבראַכט, האָבן אים צוריק אָפּגעפירט.

דער טאַטע האָט פאַרזיכערט די פויערן, אַז די טראָפּנס וועלן העלפן.

אין קרעטשמע איז ווידער פריילעך געוואָרן.



אויף מאָרגן איז מיכאַלאַקע געקומען אין קרעטשמע און זיך געקלאָגט, אַז ביינאַכט האָט די שלאַנג זיך ווידער געוואָרפן.

דער טאַטע האָט אים נאָך אַמאָל געגעבן טראָפּנס, און געפּרואווט איינטענהן מיט אים:

— מיכאַלאַקע, וואָס טוט זיך מיט דיר? וואָס האָסטו זיך איינגערעדט אַ שלאַנג אין בויך?

מיכאַלאַקע האָט געקיַיט דאָס שטיקל צוקער מיט די טראָפּנס, און גאָרנישט געזאָגט. ער האָט זיך געהאַלטן ביים בויך, און געקוקט אויפן טאַטן מיט געבעט אין די אויגן. און אַזוי, מיט דער האַנט ביים בויך, איז ער אַוועק אין וואַלד, צוריק צו זיין כאַטע.

אַ פּאָר טעג האָט מען פון מיכאַלאַקען נישט געהערט. דער טאַטע איז געווען זיכער, אַז די טראָפּנס האָבן אים געהאָלפן. אָבער אָט איז געקומען אַ פּויער און געזאָגט, אַז מיכאַלאַקע האַלט שמַאָל. ער דאַרט־איין פון טאָג־צו־טאָג, און ער גייט־אויס פון די כוחות.

דער טאַטע האָט זיך מודה־געווען, אַז ער ווייסט נישט וואָס צו טאָן. ער האָט געהייסן וואַרטן ביז דער ראַיאָן־דאָקטאָר וועט קומען.

אָבער די פּויערן האָבן נישט געוואָלט וואַרטן. זיי זענען אַוועק אין אַ שכניש דאָרף און געבראַכט אַן אַלטע פּויערטע, וואָס האָט צוגעזאָגט צו היילן מיכאַלאַקען. זי האָט אים געהייסן טרינקען בראָנפן, שטאַרקן בראָנפן, געמישט מיט פּעפער. צוערשט זאָל ער גוט צעקייען דעם פּעפער, און דערנאָך אים אַראָפּשווענקען מיט אַ מעסטל בראָנפן. אַזוי זאָל ער טאָן צען טעג נאָכאַנאַנד. פאַרן אַוועקגייען, האָט די פּויערטע אים ווידער אָנגעזאָגט:

— געדענק, מיכאַלאַקע: שטאַרקן בראָנפן! און פאַרגעס נישט דעם פּעפער!

מיכאַלאַקע איז יעדן פאַרנאַכט געקומען אין קרעטשמע

און אויסגעטרונקען אַ מעסטל בראָנפן מיט צעקייטן פעפער. אָבער אַז די צען טעג זענען אַוועק, האָט ער זיך נאָך אַלץ באַקלאָגט אויף דער שלאַנג. ער האָט פאַרלוירן דעם אַפּעטיט צום עסן, און איז געוואָרן דאַר ווי אַ שטעקן.

איין פאַרנאַכט האָט מיכאַלאַקע זיך קוים צוגעשלעפּט צו דער קרעטשמע. דער טאַטע האָט אים אָנגעגאָסן אַ מעסטל בראָנפן, ווי אַלע מאָל, אָבער מיכאַלאַקע האָט זיך נישט צוגערירט צום בראָנפן. ער איז געזעסן אויף אַ באַנק, קעגן־איבער דעם טאַטן, און געקרעכצט.

דער טאַטע האָט רחמנות געקראָגן אויף אים. ער איז צוגעגאַנגען און געזאָגט:

— מיכאַלאַקע, אפשר נאָך טראָפּנס?

מיכאַלאַקע האָט געקוקט אויפן טאַטן מיט פאַרטרערטע אויגן:

— אומזיסט... די שלאַנג וויל נישט פּגרן...

*

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָבן עטלעכע פּריצים זיך אָפּגעשטעלט ביי דער קרעטשמע. צווישן זיי איז געווען אַ מיליטערישער דאָקטאָר. דער טאַטע האָט אים דערציילט פון מיכאַלאַקען און פון דער שלאַנג, וואָס מיכאַלאַקע מיינט אַז ער האָט איינגעשלונגען. די פּריצים האָבן זיך אָנגעלאַכט פון דער מעשה. פונדעסן זענען זיי צוגעשטאַנען צום דאָקטאָר, ער זאָל באַטראַכטן מיכאַלאַקען. דער דאָקטאָר האָט איינגעוויליקט, אָבער מיטן תנאי, מ׳זאָל נישט לאַכן. ער האָט געזאָגט, אַז מיכאַלאַקע דאַרף גלויבן אַז ער האָט איינגעשלונגען אַ שלאַנג. נאָר אַזוי קאָן ער געהאָלפן ווערן.

די פּריצים האָבן צוגערופן זייער קוטשער און אים געשיקט מיט אַ פּויער ברענגען מיכאַלאַקען. דערנאָך האָט דער דאָקטאָר אויסגעלייגט זיין פּלאַן. ער האָט געהייסן דעם טאַטן אָנגרייטן אַ גרויסע שיסל מיט מילך, און אַרויסשיקן אַ יינגל אויפזוכן אַ שלענגל.

דאָס דאַרף האָט זיך באַלד דערוויסט, אַז אין קרעטשמע געפינט זיך אַ דאָקטאָר, וואָס גייט היילן מיכאַלאַקען. די פּויערן האָבן אוועקגעוואָרפן די אַרבעטן און געלאָפן אין קרעטשמע. די ווייבער און קינדער זענען אויך נאָכגעלאָפן. די קרעטשמע איז געוואָרן איבערגעפּאַקט.

דער דאָקטאָר און די פּריצים זענען געזעסן אין אַ באַזונדער צימער. דאָרט האָט דער דאָקטאָר איינשטודירט מיטן טאַטן און מיט אַן עלטערן ברודער וואָס זיי דאַרפן אָן. דער טאַטע האָט באַדאַרפט אַריינברענגען די שיסל מילך און זי אַוועקשטעלן אין מיטן קרעטשמע, און דער ברודער האָט באַדאַרפט האַלטן אָנגעגרייט דאָס שלענגל אין אַ קליין קעסטל.

מיכאַלאַקע איז אָנגעקומען מיט דער פּריצישער דראָשקע. ער איז געזעסן הינטן, אויפן ווייכן פּלושענעם זיץ, אַ דאַרער און פאַרגעלטער. אין דער ווייכער טיפענִיש פון דער גרויסער פּריצישער דראָשקע האָט ער אויסגעזען ווי אַ קליין פיגורל, געקלעפּט פון חלב. צוויי יונגע שקאָצים האָבן אים גענומען אויף די הענט און אים אַריינגעטראָגן אין קרעטשמע.

דער דאָקטאָר האָט אָנגעוויזן אויף אַ בענקל אין מיטן קרעטשמע. די פּויערן האָבן זיך גענומען רוקן און שטופּן צו די ווענט. מיכאַלאַקע איז געזעסן אויפן בענקל לעבן דעם דאָקטאָר און געציטערט פון שרעק. איין האַנט האָט ער

געהאַלטן ביים בויך, און מיט דער צווייטער האָט ער זיך געצלמט.

דער דאָקטאָר האָט אים געהייסן זיך באַרואיקן און דערציילן, ווי אַזוי ער האָט איינגעשלונגען די שלאַנג. מיכאַלאַקע האָט איבערדערציילט די זעלבע געשיכטע, וואָס מיר האָבן שוין געהערט. דער דאָקטאָר האָט אַוועקגעלייגט אַ האַנט אויף זיין אַקסל און אים געזאָגט, אַז אַזוינע זאַכן האָבן שוין געטראָפן, און אַז ערשט אַנומלט האָט ער אַרויסגעצויגן אַ שלאַנג פון אַ פויערס בויך.

מיכאַלאַקע האָט זיך צעוויינט.

— וואָס וויינסטו ? — האָט דער דאָקטאָר געפרעגט.

— כ'האָב מורא, — האָט מיכאַלאַקע געכליפּעט.

— האָסט נישט וואָס מורא צו האָבן.

— ס'עט ווי־טאָן.

— ס'עט נישט ווי־טאָן.

און כדי אים נאָך מער צו באַרואיקן, האָט דער דאָקטאָר אים געזאָגט, אַז די רפואה באַשטייט פון מילך. אַ שלאַנג האָט ליב מילך, און אַז זי וועט דערשמעקן מילך, וועט זי אַליין אַרויסקומען. מיכאַלאַקע דאַרף נאָר פאָלגן וואָס מ'וועט אים הייסן. ער דאַרף זיך לאָזן אויפהויבן מיט די פיס אַרויף און מיטן קאָפּ אַראָפּ, און כדי דער קאָפּ זאָל זיך אים נישט פאַרדרייען, דאַרף ער זיך לאָזן פאַרבינדן די אויגן.

דער דאָקטאָר האָט צוגערופן צוויי הויכע פויערן און זיי געהייסן זיך אַוועקשטעלן פון ביידע זייטן. דעם טאַטן האָט ער געהייסן אַריינברענגען אַ שיסל מילך. דער ברודער איז שוין געשטאַנען לעבן דאָקטאָר מיטן קליינעם קעסטעלע באַהאַלטן הינטער די פּלייצעס. דער דאָקטאָר האָט פאַרבונדן מיכאַלאַקעס אויגן מיט אַ גרויסער פאַטשיילע, און אַ ווינק־

געטאָן צו די צװײ פּױערן. די פּױערן האָבן אַ כאַפּ־געטאָן מיכאַלאַקען, און באַלד איז ער שױן געהאַנגען אין זײערע הענט מיט די פּיס אַרויף און מיטן קאָפּ אַראָפּ.

דער דאָקטאָר האָט אַרײַנגעשטעקט אַ פֿינגער אין מי־כאַלאַקעס מויל, און באַפֿוילן:

— ברעך, מיכאַלאַקע!

מיכאַלאַקע האָט זיך געוואָרגן מיטן דאָקטאָרס פֿינ־גער:

— איך קאָן נישט, דאָקטאָר.

— דו קאָנסט, מיכאַלאַקע, נאָר דו ווילסט נישט.

— איך וויל, דאָקטאָר, נאָר איך קאָן נישט.

דער דאָקטאָר האָט טיפֿער אַרײַנגעשטעקט דעם פֿינ־גער:

— ברעך, מיכאַלאַקע!

מיכאַלאַקע האָט געבראָכן.

— גוט אַזוי, מיכאַלאַקע! — האָט דער דאָקטאָר גע־זאָגט. — איצט נאָך אַמאָל.

— מער קאָן איך נישט, דאָקטאָר. כ׳לעבן.

דער דאָקטאָר האָט אַרײַנגעשטעקט צוויי פֿינגער אין מיכאַלאַקעס מויל:

— דו קאָנסט! דו מוזט! ברעך, מיכאַלאַקע!

מיכאַלאַקע האָט ווידער געבראָכן.

— בראַוואָ, מיכאַלאַקע! — האָט דער דאָקטאָר אויס־גערופֿן און בגנבה אַרײַנגעלאָזט דאָס שלענגל אין דער שיסל מילך. — ביסט געראַטעוועט, מיכאַלאַקע! אָט איז די שלאַנג!

די צוויי פּויערן האָבן אַוועקגעשטעלט מיכאַלאַקען אויף די פֿיס, און דער דאָקטאָר האָט אים אויפֿגעבונדן די אויגן. ווען מיכאַלאַקע האָט דערזען דאָס שלענגל אין דער

שיסל מילך, איז ער אַוועקגעפאַלן אויף די קני און געקושט דעם דאָקטאָרס האַנט.

די פויערן פון קרעטשמע האָבן זיך געצלמט.

*

פון יענעם טאָג־אָן האָט מיכאַלאַקע זיך גענומען בע־סערן. אין אַ שטיקל צייט אַרום איז ער געוועזן דער זעלבער מיכאַלאַקע וואָס אַלע מאָל. ער פלעגט ווידער קומען אין קרעטשמע, און ווידער אַרויסווייזן זיין גבורה.



דער אַלטער מיכאַלאַקע וואַרט אַז דער דאָקטאָר זאָל אַרויסציען
די שלאַנג פון זיין בויך...

# שבת



גאַנצע וואָך איז די מאַמע געווען פאַר־יאָגט און פאַרהאָרעוועט. פון גאַנץ קאַיאָר ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט זי זיך אַרומגעשלעפּט אויף אירע קראַנקע פּיס און נישט אויפגעהערט אַרבעטן. קראַנ־קערהייט פּלעגט זי קאָכן און ראַמען, נייען און מאַרעזשען, פאַרריכטן וועש, איבערנוצעווען אַלטע זאַכן, און בעת־מעשה נישט אַראָפּנעמען אַן אויג פון די עופות אין הויף און פון די קליינע קינדער אין שטוב.

אָבער אַז ס'איז געקומען פרייטיק בייטאָג, האָבן דער מאַמעס אַלע אַרבעטן זיך געקאָנטשעט. זי האָט זיך פאַר־מאַכט אין דעם „סאַלאָן", וואָס איז זעלטן גענוצט געוואָרן, אַחוץ ווען אַ חשובער גאַסט איז געקומען, אָדער אַ פריץ האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער קרעטשמע, און דאָרט האָט די מאַמע זיך אָפּגעזאַמט עטלעכע שעה. מיר, קינדער, האָבן געוואוסט, אַז ווען די מאַמע זונדערט זיך אָפּ אין דעם „סאַ־לאָן", דאַרפן מיר אַהין נישט אַריינגייען. דאָס איז נישט געווען אַ פאַרבאָט מצד דער מאַמען, נאָר אַ זעלבסטפאַר־שטענדלעך געזעץ, וואָס מיר, קינדער, האָבן אַליין אָנגענומען און אַליין אויסגעפירט — ראשית, אוים דרך־ארץ צו דער מאַמען, און בעיקר דערפאַר, ווייל מיר האָבן געפילט, אַז די

מאַמע טוט דאָרט אַזעלכע זאַכן, וואָס קליינע קינדער, בפרט יינגלעך, דאַרפֿן נישט זען.

געניי וואָס די מאַמע טוט אין דעם „סאַלאָן", האָבן מיר נישט געוואוסט. אָבער שפּעטער, ווען זי איז אַרויסגעקומען אויסגעפּוצט אין איר ווייסער פּיקייענער יאַקע, מיט דעם גאָלדענעם זייגערל צוגעשפּילעט צום ברוסט, האָבן מיר געוואוסט, אַז דאָס מיינט — שבת!

פֿון שטוב האָט אַרויסגעשמעקט דאָס פֿריש געבעקס, וואָס די מאַמע האָט אָפּגעבאַקן לכבוד שבת. די ווייסע חלות און געפֿלאָכטענע קוילעטשן, די כל-המינים קיכלעך און סעבערלעך, וואָס די מאַמע האָט צעשטעלט אויפֿן אויוון און אויף דער שאַפֿע פֿון שטוב, האָבן פֿאַרשמעקט די לופֿט מיט זייערע רייצנדיקע בשמים פֿון קימל און צימרינג. דורך דער אָפֿענער טיר פֿון שטוב האָט אויך אַרויסגעשמעקט דער פֿריש-אָפּגעשמירטער דיל, וואָס האָט זיך נאָך געטריקנט אונטער די שיינע קאָלירטע קאָבריצלעך.

אויך די קרעטשמע האָט פֿרייטיק ביטאָג געשמעקט אין אַלע ווינקעלעך. די עלטערע ברידער האָבן פֿון גאַנץ פֿרי געוואַשן די לאַנגע דעמבענע טישן, געפּוצט די פֿענצטער, איבערגעווישט די פֿלעשער בראָנפֿן אויף די פּאָליצעס, אויסגעשייערט די בלייענע קווערטלעך פֿון שענק-טיש, און דערנאָך האָבן זיי אויסגעקערט די קרעטשמע און באַשפּריצט דעם ליימענעם דיל מיט שיינע געפֿלאָכטענע רינגעלעך וואַסער. ווען די מאַמע האָט זיך באַוויזן אין איר ווייסער פּיקייענער יאַקע, איז שוין אַלץ געווען אָפּגעטאָן.

פֿאַר אונדז, קליינע קינדער, האָט דער מאַמעס פּיקייענע יאַקע נאָך עפּעס געמיינט. ווען זי איז אַרויסגעקומען אין דער יאַקע, מיטן צוגעשפּילטן זייגערל אויף דער ברוסט,

איז זי שוין נישט געווען די שטרענגע מאַמע וואָס אַ גאַנצע וואָך. זי האָט דענצמאָל גאָר אַנדערש אויסגעזען און גאָר אַנדערש געפילט. די קנייטשן אויף איר פּנים זענען נישט געווען אַזוי קאַנטיק, און זי האָט מער נישט געקרעכצט און נישט געקלאָגט אויף אירע ווייטיקן. דאָס האָט געמיינט, אַז מיר קאָנען זיך פילן פרייער מיט איר, אַז מיר מעגן אַפילו אַ שטיף-טאָן, ווייל אין דער פּיקייענער יאַקע האָט די מאַמע אויף אונדז נישט געשריגן און אונדז נישט געטריבן פון זיך, ווי אין די אַנדערע טעג.

אָבער מער פון אַלץ האָבן מיר דאַן אַרויסגעקוקט אויף דער רגע, ווען די מאַמע וועט זיך אַוועקזעצן מיט אונדז אויף דער ליימענער פּריזבע פון דרויסן, ווי יעדן פרייטיק אין יע-נער צייט. מיר האָבן געוואוסט, אַז פרייטיק, ווען די מאַמע קומט אַרויס אויף דער פּריזבע, ברענגט זי גוטע זאַכן פאַר אונדז. אַמאָל אַ שטיקל האַלוואַ, אַמאָל אַ באַטעמטע צוקערל, און אַמאָל גאָר אַ שטיקל שאָקאָלאַד, וואָס דער טאַטע האָט געבראַכט פון שטאָט און וואָס די מאַמע האָט עס אַ גאַנצע וואָך געהאַלטן פאַרשלאָסן אין אַ געהיימען אָרט. דערפאַר, אַז מיר זענען געזעסן מיט דער מאַמען אויף דער פּריזבע, האָבן מיר נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון איר שבתדיקן פאַרטעך. מיר האָבן געוואוסט, אַז אין דער טיפער קעשענע פון אין פאַרטעך ליגט באַהאַלטן דאָס געשמאַקע אוצרל, אויף וועלכן מיר וואַרטן.

די מאַמע האָט געוואוסט וואָס מיר קוקן, זי האָט זיך אָבער געמאַכט נישט-וויסנדיק. דאָס איז געווען אַזאַ שפּיל ביי דער מאַמען, און דעם דאָזיקן שפּיל פלעגט זי איבער-חזרן יעדן פרייטיק. אָבער אונדז איז דער שפּיל געפעלן גע-וואָרן, ווייל כאָטש דאָס חיות איז אונדז אויסגעגאַנגען נאָך

דעם שטיקל נאַש, זענען מיר פונדעסן געווען דאַנקבאַר דער מאַמען וואָס זי פאַרלענגערט אונדזער פאַרגעניגן.

נאָר אָט האָט די מאַמע זיך צעשמייכלט, און גע־פרעגט:

— וואָס קוקט איר?

מיר האָבן צוגעכאַפּט די אויגן פון איר פאַרטעך און זיך געמאַכט תמעוואַטע.

— וואָס קוקט איר? — האָט די מאַמע ווידער גע־פרעגט מיט אַ שמייכל. — אויף וואָס וואַרט איר?

דערזעענדיק דער מאַמעס שמייכל, איז אונדז געוואָרן אַזוי גוט אויפן האַרצן, אַז מיר האָבן שוין גאַרנישט געוואָלט. אַך, דער מאַמעס ערב־שבתדיקער שמייכל! ווי שטאַרק מיר האָבן געגאַרט נאָך אים!

אַ גאַנצע וואָך איז די מאַמע געווען פאַראומערט און פאַרזאָרגט. די שווערע האָרעוואַניע און די ביטערע יסורים פון אירע קראַנקע רומאַטישע פּיס, האָבן פאַרטונקלט און פאַרחושכט איר פּנים. זי פלעגט כסדר קרעכצן, כסדר קלאָגן. אַחוץ אויף אירע ווייטיקן און שווערער האָרעוואַניע, פלעגט זי זיך אויך קלאָגן אויף אונדז, „די קליינע היישעריקן", וואָס וואויוען און דערגייען איר די יאָרן. דענצמאָל פלעגן מיר זיך היטן פאַר דער מאַמען, ווייל טאָמער האָבן מיר צופיל גע־וואויוועט און איר דערקוטשעט, פלעגט זי זיך צעשרייען און אונז נאָכיאָגן מיטן וואַלגערהאָלץ, מיט דער קאָטשערע, אָדער מיט די קלעשטעס פון פריפּעטשיק.

פאַרשטייט זיך, די מאַמע האָט אונדז זעלטן אָנגעיאָגט. אָבער עס פלעגט טרעפן, אַז וועלנדיק אונדז באַשטראָפן, פלעגט זי זיך אַליין עפּעס אָפּטאָן. דענצמאָל איז געווען די סכנה, אַז

דער טאַטע וועט דערהערן אירע געשרייען, און דאָס וואָלט נישט געטויגט.

איינמאָל, ווען די מאַמע האָט אַ כאַפּ געטאָן צו אונדז די קלעשטעס, האָט זי זיך פאַרקלעמט אַ פינגער און זי האָט שיער אַוועקגעחלשט פון ווייטיק. דער פינגער איז איר געשוואָלן געוואָרן, און באַלד איז די גאַנצע האַנט אויפגעלאָפן. עטלעכע טעג איז די מאַמע דערנאָך אָפּגעלעגן אין שטוב מיט גרויסע יסורים. דער טאַטע איז געווען אַזוי באַזאָרגט פון דער מאַמעס יסורים, אַז ער האָט אין אונדז שוין אינגאַנצן פאַרגעסן. אָבער כאָטש מיר האָבן טרוקן אָפּגעשניטן, האָבן מיר שטאַרק געליטן. זעענדיק ווי די מאַמע ליגט און קרעכצט, האָט אונדז געריסן ביים האַרץ און ס׳האָט זיך אונדז געגלוסט וויינען.

אָבער ווי גוט אונדז איז געווען ערב־שבת מיט דער מאַמען! דעמאָלט איז די מאַמע גאָר אַנדערש געווען. אונדז פלעגט זיך דאַכטן, אַז מיר האָבן צוויי מאַמעס — איינע אַ אינדערוואָכנדיקע, וואָס איז שטענדיק פאַרהאָרעוועט, וואָס קרעכצט און שרייט, און איינע — אַ שבתדיקע, אַ שטילע, אַ מילדע, אַ שמייכלדיקע און צוגעלאָזטע. אונדזערע קינדערישע הענטלעך, וואָס אַ גאַנצע וואָך פלעגן זיי בענקען און גאַרן צו דער מאַמען, האָבן דאַן זיך געצויגן צו איר פנים. מיר פלעגן זי גלעטן און צערטלען, און די מאַמע האָט אונדז נישט געשטערט. אַפילו קושן האָט זי אונדז געלאָזט. און אַז איין קינד האָט איר געגעבן אַ קוש, האָבן די אַנדערע קינדער זיך שוין אויך געריסן צו איר פנים. איין קוש האָט אונדז געגעבן חשק פאַר אַ צווייטן, און אַ דריטן, און באַלד זענען מיר שוין אַלע געהאַנגען אַרום דער מאַמעס האַלדז און זי נישט אויפגעהערט קושן. די מאַמע האָט

אונדז אָפּגעענטפערט מיט אַ קוש, מיט אַ גלעט, אָדער מיט אַ לייכטן פּעטשל, וואָס דאָס איז אויך געווען אַזוי ליב ווי אַ קוש.

*

די מאַמע האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— אוי, שוין צייט ליכט בענטשן!

— זיץ נאָך, מאַמע! — האָבן מיר זיך געבעטן.

— ניין, קינדער. מ׳דאַרף בענטשן ליכט איידער די זון זעצט זיך.

אָבער מיר האָבן געוואוסט, אַז דאָס מיינט נישט שיידן זיך מיט דער מאַמען. וואָרן די מאַמע האָט ליב געהאַט, אַז ווען זי בענטשט ליכט, זאָל די קליינע קינדער זיין לעבן איר.

דער טאַטע איז שוין געווען אויפגעשטאַנען פון זיין בייטאָגיקן דרימל. ער איז געזעסן אין קרעטשמע ביים פענצטער, אָנגעטאָן אין זיין שוואַרצן שבתדיקן רעקל, מיט אַ ווייס געפּרעסט העמד און שטייפן קראַגן, און געלייענט אַ צייטונג. אָבער מיט דער קרעטשמע האָט דער טאַטע זיך מער נישט אָנגעקערט. פון פרייטיק בייטאָג ביז איבער שבת איז די קרעטשמע איבערגעגאַנגען אין רשות פון אַן עלטערן ברודער. ס׳הייסט, גאָר פרום איז דער טאַטע נישט געווען. ער איז געווען אַן אויפגעקלערטער, אַ משכיל. ער האָט געקאָנט שפּראַכן, געהאַט אַ ידיעה אין מאַטעמאַטיק, געלייענט ראָמאַנען, און הגם מ׳האָט אים געהאַלטן פאַר אַ בן־תורה און „קענער״, איז ער פונדעסן געווען אַ שטיקל אפּיקורס. אָבער צוליב דער מאַמען האָט ער פאַרבויגן זיין אפּיקורסות און אָפּגעהיט שבת ווי ס׳באַדאַרף צו זיין. און

אויך צוליב דער מאַמען, פלעגט ער האַלטן אַן אויג אויף די קינדער אַז זיי זאָלן וואָס ווייניקער מחלל־שבת זיין. אַזוי, למשל, פלעגט ער יעדן פרייטיק אָנזאָגן דעם עלטערן ברו־דער, ער זאָל באַצייטנס אָנצינדן דעם הענג־לאָמפּ פון קרעטש־מע, און נישט פאַרגעסן צו זאָגן אונדזער דינער, דעם אַלטן ניקוליי, ער זאָל אים שפּעטער פאַרלעשן.

אָבער דעם אַלטן ניקוליי האָט מען אַזעלכע זאַכן נישט באַדאַרפט זאָגן. ער האָט אַליין געוואוסט וואָס ער האָט צו טאָן שבת. אין די יאָרן וואָס ער האָט ביי אונדז געדינט, האָט די מאַמע אים אויסגעלערנט אַלצדינג וואָס ער דאַרף וויסן וועגן אַ יידישער שטוב. פון אַזעלכע זאַכן ווי אַראָפּ־נעמען די לייכטער פון טיש פרייטיק־צו־נאַכט, אָדער פאַר־לעשן די לאָמפּן, אָדער אַריינטראָגן האָלץ שבת אינדערפרי און מאַכן די הרובע, איז אָפּגערעדט. דער אַלטער ניקוליי האָט געוואוסט מער ווי דאָס. ער האָט געוואוסט דעם חילוק פון כשר ביז טריף, פון פליישיק און מילכיק, פון די צוויי־ערליי כלים וואָס טאָרן נישט אויסגעמישט ווערן, און נאָך און נאָך זאַכן. ער האָט אַפילו געוואוסט וואָס אַ יידיש קינד טאָר שבת נישט טאָן. אַז אַ קינד האָט שבת זיך גע־וואָלט אַרויפכאַפּן אויף אַ פערד, אָדער אַרויפקריכן אויפן וועגעלע, אָדער טאָן עפּעס אַנדערש וואָס מ׳האָט שבת נישט געטאָרט, פלעגט דער אַלטער ניקוליי אָנשרייען אויף אונדז און אונדז וואָרענען, אַז ער וועט דערציילן דער מאַמען.

*

אין שטוב איז דער טיש שוין געווען שבתדיק גע־גרייט. פון דעם ווייסן געשטיקטן טישטעך האָבן אַראָפּגע־

שיינט די צוויי קוילעטשן, איבערגעדעקט מיט אַ ווײַס שפּריי־טערל, וואָס איז געווען אויסגענייט מיט אַ רויט פייגעלע און צוויי גרינע קווייטלעך פון ביידע זײַטן. אויבנאָן זענען געשטאַנען די צוויי אויסגעפּוצטע זילבערנע לייכטער, און אין מיטן טיש האָט געבלישטשעט אַ קליין פלעשל רויטער וויין מיטן טאַטנס געשליפענעם קידוש־בעכער דערלעבן.

ווען די מאַמע איז צוגעגאַנגען בענטשן ליכט, האָבן מיר זיך אַוועקגעשטעלט לעבן איר. דער שבתדיק־געגריי־טער טיש, די אויפגעראַמטע שטוב, און אַפילו די ריינע שבתדיקע אָנצוגלעך וואָס מיר האָבן געטראָגן, האָבן אַרויס־גערופן אין אונדז אַ גרויסן אַפּשיי פאַר דער מאַמען. מיר האָבן געפילט, אַז זי האָט דעם גרעסטן חלק אין דעם. מיר האָבן געקוקט ווי זי גרייט זיך בענטשן ליכט און געפילט, אַז די מאַמע טוט אַ וויכטיקע זאַך, הגם מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען אין וואָס די וויכטיקייט באַשטייט. מיר האָבן אָבער פאַרשטאַנען, אַז דאָס וואָס די מאַמע טוט, געהערט צו אַן אַנדער וועלט, וואָס קער זיך אינגאַנצן נישט אָן מיט דער קרעטשמע, מיט די פויערן און מיט די שקאָצים פון דאָרף, מיט וועלכע מיר פלעגן זיך חברן. אַפילו די צוויי ליכט, וואָס די מאַמע האָט קודם אָנגעשמאָלצן און דערנאָך אַרײַנגעשטעקט אין די זילבערנע לייכטער, האָבן אונדז אויס־געזען שענער און חשובער פון אַלע אַנדערע ליכט.

די מאַמע האָט אַ קוק געטאָן אויף אונדז מיט ווייכע, מילדע אויגן, אונדז געהייסן אָנטאָן די היטעלעך, און מיט אַ ליבן שמייכל אַרויפגעצויגן דאָס ווײַסע זײַדענע טיכל אויפן קאָפּ און געבענטשט ליכט. פונקט דאַן האָט דער טאַטע זיך אויך באַוויזן אין טיר. און ווען די מאַמע האָט אָפּגעבענטשט ליכט און געזאָגט גוט שבת, האָט איר זייער הנאה געטאָן

וואָס אינאײנעם מיט דעם ענטפער פון די קינדער האָט זי
אויך געהערט דעם טאַטנס גוט שבת.

*

נאָכן ליכט־בענטשן, האָט די מאַמע זיך אָװעקגעזעצט
אויפן ברייטן דיוואַן פון שטוב, מיט די קליינע קינדער אַרום
זיך, און געוואַרט אַז דער טאַטע זאָל אַרײנקומען מקבל־
שבת זיין. אויף דעם האָט די מאַמע אַ גאַנצע וואָך אַרויס־
געקוקט. דאָס שטיקל עונג־שבת אין דער פאַרוואָרפענער
דאָרפישער קרעטשמע, איז געווען איר איינציקער תענוג,
איר איינציקער שכר נאָך אַ וואָך פון שווערער האָרעוואַניע.
דאָס איז אויך געווען איר איינציק שטיקל טרייסט פאַר דעם
פאַרגויאישטן לעבן פון אירע קינדער, וואָס זענען געוואַקסן אין
אַ דאָרף, צווישן פויערן, ווייט פון יידן און פון יידישקייט.
אויף דעם וואָס די קינדער האָבן זיך אין אַ דאָרף,
האָט די מאַמע שטענדיק געקלאָגט. זי האָט געפילט, אַז די
קינדער ווערן פאַרגרעבט, אַז זיי נעמען־איבער די זיטן און
אַפילו די מנהגים פון די דאָרפישע פויערן, און דאָס האָט זי
שטאַרק געקרענקט. זי האָט באַזונדערס געציטערט איבער
אונדז, קליינע קינדער, אַז מיר זאָלן זיך נישט אָנשטעקן מיט
די גויאישע טבעים. דערפאַר פלעגט זי אונדז כסדר טרייבן אין
שטוב אַריין, אַז מיר זאָלן זיך וואָס ווייניקער מישן מיט
די פויערן פון קרעטשמע און מיט די שקאָצים פון דרויסן.
אָבער אונדז האָט דוקא געצויגן צו דער קרעטשמע. אין
שטוב איז געווען צו שטיל און צו אומעטיק פאַר אונדז. דאָרט
האָבן מיר מער ווי דער מאַמעס קרעכצן און קלאָגן נישט
געהערט. אָבער אין קרעטשמע איז שטענדיק געווען פריי־

לעך. ווער שמועסט נאָך זונטיק, ווען די קלעזמער האָבן געשפּילט און די פּויערן האָבן געטאַנצט און געזונגען. מיר פּלעגן בגנבה זיך צוכאַפּן צו די קלעזמער, זיך חידושן אויף זייערע קונציקע פינגער, שלינגען זייערע פריילעכע לידלעך, און זיך פילן גליקלעך וואָס זיי לאָזן אונדז טאַפּן און גלעטן זייערע אינסטרומענטן.

און נישט נאָר זונטיק. אַפילו אינדערוואָכן האָט די קרעטשמע אונדז געצויגן. דאָרט איז שטענדיק פאָרגעקומען עפּעס אַזוינס, וואָס מיר האָבן ליב געהאַט צו זען און הערן. ווער שמועסט שוין פון די קליינע שקאָצים, וואָס פלעגן אונדז אָפּוואַרטן אין דרויסן פאַר דער קרעטשמע. צו זיי האָט אונדז געצויגן ווי מיט צוואַנגען. און טאַקע נישט אומזיסט. זיי האָבן פאַר אונדז אַנטדעקט אַ סך פאַרגעניגנס, וואָס מיר האָבן פריער נישט געוואוסט פון זיי. זיי האָבן אונדז געלערנט ווי צו טרעפן פייגעלעך מיט אַ שטיינדל אין אַ גומי־ביקסל, ווי צו כאַפּן זשאַבעס, ווי נאָכצומאַכן כלערליי חיות, און נאָך אַזעלכע זאַכן, וואָס מיר האָבן שטאַרק ליב געהאַט.

אָבער גראָדע די אַלע גוטע זאַכן זענען דער מאַמען נישט געפעלן. ווען זי האָט אונדז געטראָפן מיט די שקאָצים און געזען וואָס מיר טוען, האָט זי זיך צעשריגן:

— גויים! אין שטוב אַריין!

פאַרשטייט זיך, מיר זענען אַריינגעלאָפן אין שטוב. אָבער אונדזערע הערצער זענען געבליבן אין דרויסן מיט די פריילעכע שקאָצים.

שוין דערפאַר אַליין האָט די מאַמע אַזוי שטאַרק אַרוים־געקוקט אויפן שבת. זי האָט געוואוסט, אַז שבת וועלן מיר

אַזעלכע זאַכן נישט וואָגן צו טאָן. אַפילו די שקאָצים האָבן שבת נישט געוואָגט אונדז אַרויסצורופן.

דער שבת האָט פאַרגיטיקט דער מאַמען פאַר אַלע אירע צרות און עגמת־נפשן, וואָס זי האָט זיך אָנגעליטן צוליב אונדזער דאָרפישן לעבן. און ווען זי האָט געזען דעם טאַטן מקבל־שבת זיין, האָט זי געקוקט אויף אים מיט דאַנקבאַרע אויגן. זי איז געזעסן אויפן דיוואַן און נישט אַראָפּגענומען אַן אויג פונעם טאַטן. איר פּנים האָט גע־שיינט פון גליק, און מיר קינדער, קוקנדיק אויף איר, האָבן זיך אויך געפילט גליקלעך.

די מאַמע איז נישט אַפּגעטראָטן פון דיוואַן ביז דער טאַטע האָט אָפּגעדאַווענט און געזאָגט גוט שבת.

— גוט שבת! — האָט די מאַמע אויסגערופן, און בעת־מעשה אונדז לייכט געשטורכעט אין זייט.

— גוט שבת! — האָבן מיר אַלע אין איין קול אַרויס־געזאָגט.

*

ווען דער טאַטע האָט געמאַכט קידוש און אונדז גע־געבן צו פאַרזוכן פון זיין כוס, פלעגט די מאַמע פאַרלאַנגען, אַז מיר זאָלן אויך מאַכן אַ ברכה. דאָס זעלבע האָט זי פאַר־לאַנגט, ווען דער טאַטע האָט געמאַכט אַ המוציא און מיר האָבן אויך איינגעטונקען שטיקלעך חלה אין זאַלץ. מיר האָבן גע־וואָלט צוליב־טאָן דער מאַמען, אָבער גראַדע דערפאַר וואָס זי האָט אונדז געקוקט אין די אויגן, זענען די פאָר ווערטער פון דער ברכה אַזוי פאַרדרייט און פאַרפּלאָנטערט געוואָרן ביי אונדז אין מויל, אַז מ׳האָט זיי נישט דערקענט. אָבער

דאָס האָט דער מאַמען נישט געאַרט. זי איז געווען צופרידן וואָס מיר באַמיען זיך צו מאַכן די ברכות און וואָס זי הערט די פּאָר פרומע ווערטער פון אונדזער מויל.

פאַרשטייט זיך, אַז זיצנדיק ביים טיש, האָבן מיר, קליינוואַרג, געוואַרט דער עיקרשט אויף דער מאַמעס גוטע און געשמאַקע שבתדיקע מאכלים. מיר האָבן אַרויסגעקוקט אויף די באַטעמטע לעבערלעך און פּופּיקלעך און אויף די האַרטע געלע אייעלעך, וואָס די מאַמע וועט באַלד דער־לאַנגען צום טיש אינאיינעם מיטן אָפּגעקאָכטן עוף, און וואָס זי וועט איינטיילן איטלעכן פון אונדז לויט זיין וואונש און באַגער. נאָך מער האָבן מיר אַרויסגעקוקט אויף דעם פעטן, זיסן שבתדיקן קוגל, וואָס אַמאָל איז ער געווען געמאַכט פון לאָקשן און ראָזשינקעס, און אַמאָל פון רייז און צימרינג. ווער שמועסט שוין פון דעם צימעס פון פּאַסאָלעס, אָדער מערן־צימעס, וואָס האָט געשמעקט מיט צוגעברוינטן האָניק און געהאַט אַלע טעמען פון דער וועלט.

אָבער דערווייל האָבן מיר הנאה געהאַט פון דער מאַ־מעס געקאָכטע און געפילטע פיש מיט דער איינגעפרוירענער פיש־יויך, וואָס האָט געציטערט און געגלאַנצט אין דער גרוי־סער טיפער שיסל. נאָך מער האָבן מיר הנאה געהאַט צו זען ווי דער טאַטע עסט דעם קאָפּ פון פיש, וואָס די מאַמע האָט נאָר פאַר אים אָנגעגרייט. מיר האָבן שוין געוואוסט, אַז אַ קאָפּ פון פיש גיט מען נישט צו קליינע קינדער, ווייל ער האָט אַ סך ביינדלעך, וואָס פאַר קליינע קינדער זענען זיי געפערלעך. אַזוי האָט די מאַמע אונדז געוואָרנט. אָבער טאַקע דערפאַר, וואָס נאָר אַ טאַטע מעג דאָס עסן, האָט זיך אונדז שטאַרק געגלוסט אַ שטיקל „קאָפּ". מיר האָבן דערפאַר גע־קוקט מיט זשעדנע אויגן ווי דער טאַטע לעקט און שמאַטש־

קעט די פיש־ביינדלעך. אָפּט פלעגט טרעפן, אַז שמאַטש־קענדיק די ביינדלעך, פלעגט ביים טאַטן פון מויל זיך אַרויס־באַפּן אַ סווישטש, אָדער אַ פּייף, וואָס דאָס איז אונדז גאָר געפעלן געוואָרן. ערשט דענצמאָל פלעגן מיר שטאַרק מקנא־זיין דעם טאַטן, וואָס די מאַמע האָט אים צוגעטיילט אַזאַ פאַרגעניגן.

יעדן מאָל וואָס ס׳פלעגט זיך דערהערן אַ פּייף אָדער אַ סווישטש, פלעגט דער טאַטע אַ קוק־טאָן אויף אונדז און שמייכלען. מיר האָבן צוריקגעשמייכלט צום טאַטן, און מיט די אויגן ממש געריסן די פיש־ביינדלעך פון זיין מויל. דער טאַטע האָט דאָס באַמערקט, און ווען די מאַמע איז אויף אַ ווײַלע אָפּגעטראָטן פון טיש, האָט ער אונדז צוגעשאַרט אַ ביינדל, וואָס איז שוין געווען אָפּגעלעקט און וואָס ער האָט אונדז געגעבן נישט אויף צו עסן, נאָר אויף צו שפּילן זיך.

פאַרשטייט זיך, אַז אויף אַרויסצוקריגן אַ פּייף אָדער אַ סווישטש פון אַ ביינדל, זענען מיר געווען גרעסערע בריהם פון דעם טאַטן. אונדזער פאַרגעניגן האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. וואָרן אַז די מאַמע האָט דערהערט אונדזערע פּייפערייען און סווישטשערייען, איז זי אַריינגעלאָפן אַ דער־שראָקענע און אונדז געהייסן שוין אויסשפּייען. נאָר כאָטש אַזוי, זענען מיר געווען שטאַרק דאַנקבאַר דעם טאַטן, וואָס ער האָט אונדז פאַרשאַפט דאָס פאַרגעניגן כאָטש אויף עט־לעכע רגעים.

*

שבת איז מען געשלאָפן אַביסל שפּעטער. אַפילו די

קרעטשמע האָט דער עלטערער ברודער געעפנט שבת שפּע-טער ווי געוויינלעך. אָבער מיר, קליינוואַרג, האָבן זיך אויפ-געכאַפּט פריער פאַר אַלעמען. מיר האָבן שוין פּשוט נישט געקאָנט איינליגן אויף די געלעגערס, ווייל מיר האָבן גע-וואוסט, אַז ביי דער זייט פון בעט וואַרטן אויף אונדז די שיינע שבתדיקע אָנצוגלעך מיט די שיינע גלאַנציקע שיך, וואָס פּאַסן אונדז אַזוי גוט. און אַזוי גיך ווי די מאַמע האָט נאָר געעפנט די אויגן, זענען מיר אַראָפּגעשפּרונגען פון די בעטן און זיך גלייך אָנגעטאָן.

אונדז, קליינע קינדער, פלעגט די מאַמע נישט לאָזן איבערהלשן ס'האַרץ ביז דער טאַטע וועט אָפּדאַווענען. זי פלעגט אונדז גיבן עפּעס צו פאַרבייסן, און אונדז דערלויבט אַרויסצוגיין זיך דורכשפּאַצירן. זי האָט אונדז אָבער אָנגע-זאָגט, נישט אַוועקצוגייען צו ווייט פון שטוב. דאָס האָבן מיר ביי זיך בשום-אופן נישט געקאָנט פועלן, ווייל אונדז איז געגאַנגען אין לעבן אַז די קליינע שקאָצים פון דאָרף זאָלן אונדז זען אין אונדזערע שיינע שבתדיקע אָנצוגלעך. אָבער צו ווייט זענען מיר נישט אַוועק. אַזוי גיך ווי דאָס ערשטע שייגעצל אָדער שיקסל האָט אויף אונדז אַ קוק-געטאָן, זענען מיר שוין געווען צופרידן און זיך אומגעקערט אַהיים.

דער שבתדיקער טאָג איז פאַר אונדז, קינדער, געווען אַ לאַנגער. לאַנג, ווייל מיר האָבן ווייניק געהאַט וואָס צו טאָן, און ווייל דאָס וואָס מיר האָבן געוואָלט טאָן, האָט מען נישט געטאָרט. דערפאַר אָבער האָט דער שבת פאַר אונדז געהאַט אַ סך אַנדערע פאַרגעניגנס. אַ גאַנצן טאָג זענען מיר געווען איינ-איינעם מיטן טאַטן און מיט דער מאַמען, אַחוץ, פאַרשטייט זיך, די פאַר שעה ווען זיי האָבן זיך צוגעלייגט כאַפּן אַ דרימל. אָבער נאָך זייער בייטאָגיקן דרימל האָט זיך ערשט

אָנגעהויבן אונדזער אמתער פֿאַרגעניגן. דער טאַטע און די מאַמע, וואָס אַ גאַנצע וואָך זענען זיי געווען פֿאַרטאָן אין זייערע באַזונדערע ארבעטן, זענען שבת בייטאָג נישט אָפּ־געטראָטן איינע פֿון די אַנדערע. זיי האָבן זיך ביידע אַוועק־געזעצט אויף דער פּריזבע אין דרויסן און פֿאַרבראַכט מיט אונדז אַ לאַנגע צייט.

די מאַמע, אין איר שיינער פּיקייענער יאַקע, און דער טאַטע, אין זיין שוואַרצן שבתדיקן רעקל מיטן ווייסן גע־פֿרעסטן העמד און שטייפֿן קראַגן, האָבן אויסגעזען גאָרנישט ווי געוויינלעך. זיי האָבן גיכער אויסגעזען ווי אַ פֿריציש פּאָר־פּאָלק, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער קרעטשמע. אויך מיר, קליינוואַרג, האָבן אויסגעזען ווי פֿריצישע קינ־דער, וואָס קערן זיך אינגאַנצן נישט אָן מיט דער קרעטשמע און מיטן דאָרף.

זיצנדיק אויף דער פּריזבע, פֿלעגט דער טאַטע ליב האָבן צו דערציילן מעשיות, מערסטנס פֿריילעכע און שפּאַ־סיקע מעשיות, פֿון וועלכע מיר און די מאַמע פֿלעגן לאַכן און שטאַרק הנאה האָבן. דער טאַטע פֿלעגט אויך דערציילן משלים און זאָגן ווערטלעך, אָבער צו דעם האָט מען שוין באַדאַרפֿט צולייגן קאָפּ.

אַז דער טאַטע איז פֿאַרטיק געוואָרן מיט די מעשיות און משלים, פֿלעגט די מאַמע אונדז פֿרעגן רעטעניש. מער ווי צוויי רעטענישן האָט די מאַמע נישט געהאַט, און כאָטש מיר האָבן שוין געוואוסט די ענטפֿערס, פֿלעגט זי פֿונדעסן יעדן שבת אונדז ווידער פֿרעגן די זעלבע רעטענישן און שטאַרק אָנגעטייעט פֿון אונזערע ענטפֿערס.

*

פאַרנאַכט ביים שלש-סעודות, האָט די מאַמע שטענדיק געגאַרט נאָך אַביסל זמירות. אָבער דער טאַטע האָט בטבע נישט געזונגען. מיר, קינדער, האָבן נישט געוואוסט וואָס זמירות מיינט, אָבער הערנדיק אַז דאָס האָט צו טאָן מיט געזאַנג, פלעגן מיר אויך צושטייען צום טאַטן, אַז ער זאָל זינגען זמירות. אָבער אַחוץ איין מאָל געדענק איך נישט אַז דער טאַטע זאָל דאָס האָבן צוליב-געטאָן דער מאַמען. נאָר אַפילו יענעם מאָל האָט דער טאַטע מער געזאָגט ווי געזונגען, אי דאָס דערפאַר, ווייל די מאַמע האָט אים אַרויסגעהאָלפן.

נאָך שלש-סעודות, האָט די מאַמע גענומען היטן דעם הימל, צי ס'ווייזן זיך שוין שטערן. מיר קינדער האָבן גע-וואוסט, אַז די מאַמע וואַרט אויפן דריטן שטערן. פלעגן מיר יעדע ווײַלע אַרויסלויפן און באַלד צוריק אַריינלויפן מיט דער בשורה פון אַ באַוויזענעם שטערן. ווען מיר האָבן אָנ-געזאָגט דער מאַמען דעם דריטן שטערן, איז זי צוגעגאַנגען צום פענצטער און זיך אַליין איבערצייגט אין דעם. דערנאָך האָט זי אַ וויש-געטאָן די שויב מיט די שפּיץ-פינגער און געזאָגט „גאָט פון אברהם" מיט אַ שטילן, טרויעריקן ניגון.

ווען די מאַמע האָט געזאָגט אַ גוטע וואָך, האָט איר ווידער הנאה געטאָן, וואָס אינאיינעם מיט דעם ענטפער פון די קינדער, האָט זי אויך געהערט דעם טאַטנס „גוט וואָך".

צוליב דער מאַמען, האָט דער טאַטע פאַרענדיקט דעם שבת ווי ס'דאַרף צו זיין. נאָכן אָפּדאַווענען, האָט ער גע-מאַכט הבדלה. אין דעם טאַטנס הבדלה האָבן מיר, קינדער, אויך אַ חלק געהאַט. ווען דער טאַטע האָט אָנגעצונדן די ליכט, האָט ער שטענדיק אויסגעקליבן איינעם פון אונדז צו האַלטן די צוויי אָנגעצונדענע ליכט אין אַ פאַראייניקטן

פלאַם. פאַרשטייט זיך, אַז מיר איז די דאָזיקע זכיה אויך צוגעטיילט געוואָרן. נאָר כאָטש איך האָב דערפון שטאַרק הנאה געהאַט, האָב איך אָבער נישט געקאָנט פאַרטייען, פאַרוואָס דעם טאַטנס שטימע קלינגט אַזוי אומעטיק ביים מאַכן הבדלה.

ווען דער טאַטע האָט געזאָגט אַ גוטע וואָך און ס'האָט זיך געעפנט די טיר, האָבן מיר ווידער דערהערט די קולות פון די פויערן אין קרעטשמע.

זייערע קולות האָבן אונדז געקלונגען ווייט און פרעמד.



עונג־שבת איז געווען דער מאַמעס איינציק שטיקל טרייסט פאַר דעם פאַרגויאישטן לעבן פון אירע קינדער אין דער פאַרוואָרפענער דאָרפישער קרעטשמע.

# דער בוהיי



דאָס איז געווען אין מערץ, 1907, אין צייט פון דעם פּויערן־אויפשטאַנד אין רומעניע. די פּויערן האָבן רעוואָלטירט קעגן די פּרי־צים. זיי האָבן געכאַפּט העק און קאָסעס און זיך געלאָזט צו די פּריצישע הויפן. מחנות אויפגעצאָרנטע פּויערן האָבן גע־שטראָמט איבער די דאָרפישע שליאַכן. איין מחנה האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער צווייטער, אַ דאָרף נאָך אַ דאָרף, אַלע באַוואָפנט, אַלע געצונדן מיט דעם זעלבן צאָרן קעגן די פּרי־צים, וואָס האָבן זיי פאַראָרעמט און פאַרקנעכט.

גלחים מיט צלמים אין די הענט האָבן זיך געבעטן ביי זיי:

— גייט אַהיים! איר ברענגט אַן אומגליק אויף זיך!

זשאַנדאַרן האָבן זיי געוואָרנט מיט געלאָדענע ביקסן:

— מ׳וועט אייך אויסשיסן ווי די הינט!

אָבער די פּויערן האָבן ווייטער מאַרשירט. זיי האָבן געפאָכעט מיט די העק און קאָסעס, און געשריגן:

— לאַנד! מיר ווילן לאַנד!

די פּריצים האָבן זיך דערשראָקן. זיי האָבן געבעטן הילף ביי דער רעגירונג. הונדערט־און־פערציק טויזנט סאָל־

דאַטן זענען צעשיקט געוואָרן איבער די דערפער צו היטן
די פּריצישע פאַרמעגנס.

*

דער פּריץ פון אונדזער דאָרף האָט געהאַט אַ שוואָגער
אַ קאַפּיטאַן, האָט ער אים צוגעשטעלט עטלעכע הונדערט
סאָלדאַטן. טייל זענען באַזעצט געוואָרן אין דעם פּריצס הויף
און ביי זיינע שאַפּערייען, און זעכציק סאָלדאַטן מיט אַן
אָפיציר און צוויי אונטער־אָפיצירן זענען געשיקט געוואָרן
צו אונדז, ווייל דער בנין פון אונדזער קרעטשמע האָט אויך
געהערט צום פּריץ.

דער אָפיציר האָט דערלאַנגט דעם טאַטן אַ צושריפט,
געחתמעט פון פּריץ. די צושריפט האָט זיך געלייענט ווי
אַ מיליטערישע פאַראָרדענונג: די סאָלדאַטן דאַרפן בלייבן
ביי אונדז ביז דער אויפשטאַנד וועט אַריבער. דער טאַטע
דאַרף זיי גיבן נאַכטלעגער. עסן וועט דער פּריץ זיי צו־
שטעלן.

אַ צווייטע פאַראָרדענונג, וואָס איז געווען געחתמעט
פון דעם קאַפּיטאַן און וואָס דער אָפיציר האָט אויפגעקלעפּט
אויפן וואַנט, איז געווען געווענדט צו די סאָלדאַטן: זיי
מוזן זיך אויפפירן לייטיש, זיי טאָרן נישט טשעפּען קיין זאַך
פון קרעטשמע אָדער פון הויף, און דער עיקר — זיי טאָרן
זיך נישט חברן און נישט האָבן קיין שום מגע־ומשא מיט די
פּויערן פון דאָרף.

דער טאַטע האָט, פאַרשטייט זיך, געמוזט אַריינעמען
די סאָלדאַטן. אָבער וואו וועט ער באַלייגן זעכציק מענטשן?
ער האָט געזאָגט דעם אָפיציר, אַז מער ווי העכסטנס צוויי

שטובן קאָן ער אים נישט אָפּגיבן, און מער ווי דריי בעטן האָט ער נישט אין די צוויי שטובן.

— דאָס מאַכט נישט, — האָט דער אָפיציר אים באַרואיקט. — מײַנע סאָלדאַטן דאַרפֿן נישט קיין בעטן.

ער האָט זיך געהייסן ווײַזן די צוויי שטובן. דערנאָך האָט ער באַטראַכט דעם לאַנגן קאָרידאָר, וואָס האָט איינגעטיילט דעם מויער אויף צוויי העלפֿטן, און געזאָגט:

— פֿאַר פֿערציק סאָלדאַטן האָב איך שוין פּלאַץ. די איבעריקע וועלן שלאָפֿן אין שטאַל און אויפֿן בוידעם.

— אויף וואָס וועלן זיין שלאָפֿן? — האָט דער טאַטע געפֿרעגט. — איך האָב נישט קיין מאַטראַצן, און קיין קאָלדרעס האָב איך אויך נישט.

דער אָפיציר האָט אים ווידער באַרואיקט:

— מײַנע סאָלדאַטן דאַרפֿן נישט קיין מאַטראַצן. זיי קאָנען שלאָפֿן אויף דער ערד. קיין קאָלדרעס דאַרפֿן זיי אויך נישט: זיי האָבן אייגענע דעקן.

דער טאַטע איז שוין געווען באַרואיקט — אָבער נישט די מאַמע.

פֿאַר דער מאַמען איז געשטאַנען אַ געוואַלדיקע פּראָבלעמע: גויאישע סאָלדאַטן אין אַ כשרער יידישער שטוב! דערצו נאָך ערב־פּסח!

דער אָפיציר האָט באַמערקט דער מאַמעס פֿאַרצווייפֿלונג. ער האָט זיך העפֿלעך פֿאַרנויגט און געזאָגט, אַז ער האָט שטרענגע באַפֿעלן פֿון דעם קאַפּיטאַן. איין באַפֿעל איז: צו פֿאָלגן וואָס די באַלעבאָסטע וועט זאָגן.

— אָבער אין וואָס וועלן זיי קאָכן? — האָט די מאַמע געפֿרעגט. — ביי מיר איז כשר.

דער אָפיציר האָט זיך ווידער פֿאַרנויגט און געזאָגט,

אַז ער פאַרשטייט דאָס. ער האָט אָנגעוויזן אויף דער גרוי־סער בלעכענער באַליע, וואָס די מאַמע פלעגט נוצן אויף צו קאָכן די וועש:

— אין דעם וועלן זיי קאָכן די זופּ.

— און פלייש?

— פלייש דאַרפן זיי נישט קאָכן. דער פריץ וועט צושטעלן לעמער און זיי וועלן בראָטן די לעמער אין דרויסן.

דער אָפיציר האָט בלויז געבעטן אַ גרויסן אייזערנעם קעסל פאַר קאָכן מאַמעליגע און אַ פּאָר טעפּ און פאַנען אויף צו קאָכן באָרשט און מילך. מער דאַרף ער גאָרנישט. די סאָלדאַטן האָבן אייגענע הילצערנע שיסלען און לעפל.

דער אָפיציר האָט געקוקט אויף דער מאַמען און גע־וואַרט אויף איר צושטימונג. די מאַמע איז אָבער אַלץ נישט געווען באַרואיקט. זי האָט מורא געהאַט, אַז די סאָלדאַטן וועלן אויסמישן דאָס פליישיקע און דאָס מילכיקע געשיר.

דער אָפיציר האָט זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז דאָס וועט נישט געשען. און כדי צו באַרואיקן די מאַמע, האָט ער אויסגעשטעלט די סאָלדאַטן אין אַ ריי און דורכגעפירט מיט זיי אַ שטרענגע מיליטערישע מאַנעוורע וועגן כשרות.

— וואָס איז דער קאָליר פון מילך? — האָט דער אָפיציר געפרעגט.

— ווייס! — האָבן די סאָלדאַטן געענטפערט מיט אַ סאַלוט.

— און וואָס איז דער קאָליר פון פלייש?

— רויט!

דער אָפיציר האָט געבעטן ביי דער מאַמען צוויי בענד־לעך, איינס אַ ווייס און איינס אַ רויטס. ער האָט צוגעבונדן די בענדלעך צו צוויי פאַנען, און געזאָגט צו די סאָלדאַטן:

— הערט זיך צו מיט קאָפּ! אַ כלי מיט אַ ווייס בענדל איז מילכיק, און אַ כלי מיט אַ רויט בענדל איז פליי־שיק! פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען! — האָבן די סאָלדאַטן אַרויסגעשאָסן אין איין קול.

דער אָפיציר האָט אַ שמייכל געטאָן צו דער מאַמען, און זיך ווידער געווענדט צו די סאָלדאַטן:

— איצט ענטפערט מיט קאָפּ: וואָס איז ווייס?

— ווייס איז מילכיק!

— און וואָס איז רויט?

— רויט איז פליישיק!

— טאָ געדענקט! — האָט דער אָפיציר זיי גע־וואָרנט. — ווייס איז מילכיק, און רויט איז פליישיק! ווער פון אייך ס'וועט פאַרמישן די כלים, וועט באַשטראָפט ווערן! פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען!

נאָך דער דאָזיקער מאַנעוורע פון כשרות, האָט די מאַ־מע זיך באַרואיקט. דער אָפיציר איז אַרויס מיט די סאָל־דאַטן אין הויף פאַרזעצן זיינע באַפעלן, און דער טאַטע מיט דער מאַמען זענען אַריין אין שטוב זיך דורכשמועסן וועגן דעם ענין. דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז מיר דאַרפן זיין צו־פרידן מיט די סאָלדאַטן, ווייל מ'קאָן נישט וויסן מיט וואָס דער אויפשטאַנד פון די פויערן וועט זיך ענדיקן. דאָס קאָן זיך נאָך אויסלאָזן צו יידישע קעפּ. אַ סימן, סטודענטן פאַרן שוין אַרום איבער די דערפער און פאַרזייען שנאה צו יידן. זיי רעדן איין די פויערן, אַז נישט די פריצים זענען שולדיק אין דער אָרעמקייט פון די דערפער, נאָר די יידן. די יידן, זאָגן זיי, האָבן פאַרכאַפּט דאָס לאַנד.

די מאַמע האָט שוין מער נישט דערמאָנט וועגן כשרות. זי האָט אַ זיפץ געטאָן, און געזאָגט:

— מילא, אַ כפרה די עטלעכע כלים.

אין אָוונט האָבן די סאָלדאַטן אַריינגעבראַכט שטרוי און זיך אויסגעבעט אויף דער ערד. דער אָפיציר און זיינע צוויי געהילפן, אַ סערזשענט און אַ קאַפּראַל, האָבן פאַרנו־מען די דריי בעטן אין די צוויי שטובן וואָס דער טאַטע האָט זיי אָפּגעגעבן. איין שטוב האָט דער אָפיציר באַשטימט פאַר אַ קאַנצעלאַריע. ס׳הייסט, בייטאָג איז דאָס געווען אַ קאַנ־צעלאַריע, און ביינאַכט זענען דאָרט געשלאָפן אַ צענדליק סאָלדאַטן אויף דער ערד.

ווען דער טאַטע האָט פאַרמאַכט די קרעטשמע און מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן, האָבן מיר געטראַכט פון די סטו־דענטן וואָס פאָרן אַרום איבער די דערפער. מיר זענען געווען צופרידן וואָס די סאָלדאַטן שלאָפן מיט אונדז אונטער איין דאַך.

*

אויף מאָרגן האָט די קרעטשמע שוין אויסגעזען ווי אַן אמתע קאַזאַרמע. דער אָפיציר און זיינע צוויי געהילפן האָבן מושטירט מיט די סאָלדאַטן און זיי באַפוילן וואָס צו טאָן. די סאָלדאַטן האָבן אַרויסגעטראָגן דאָס שטרוי פון זייערע גע־לעגערס, געקערט די דילן, געטרעסלט און געלופטערט זייערע מיליטערישע דעקן, געבראַכט וואַסער פון דער קעניצע, גע־זעגט און געהאַקט האָלץ און צעלייגט אַ גרויסן פייער אין מיטן הויף. שפּעטער איז צוגעפאָרן אַ וואָגן מיט צוויי פערד וואָס האָט געבראַכט פּראָוויאַנט פון דעם פּריץ. די סאָל־

דאַטן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום וואָגן און מיט גרויס חשק געטראָגן אויף די פּלייצעס די שווערע זעק מיט קאַר־טאָפל און ציבעלעס, מיט פּאַסאָלעס, קרויט און פּאָפּושויענע מעל, וואָס דער פּריץ האָט געשיקט. באַלד איז אָנגעקומען אַ צווייטער וואָגן פון דעם פּריצס שאַפעריי און געבראַכט גרויסע שאַפּענע קעזן, קאַנען מילך און סמעטענע, און אַ געקוילעטן אָפּגעשוונדענעם שעפּס. אויפן פייער אין מיטן הויף האָט שוין געקאָכט און געזאָטן די גרויסע בלעכענע באַליע, און פון ביידע זייטן זענען שוין געשטאַנען צוויי דיקע אייזערנע דריי־פיס — איינער אַ נידעריקער פאַר קאָכן די מאַמעליגע, און איינער אַ הויכער פאַר בראָטן דעם שעפּס. די קעכערס האָבן זיך שטאַרק גערעשט. איינער האָט גע־קאָכט די זופּ, אַ צווייטער האָט געמישט די מאַמעליגע מיט אַ גרויסן געטאָקטן שטעקן, און אַ דריטער, מיט אַ סך גע־ניטשאַפּט, האָט געדרייט און געבראָטן דעם שעפּס איבער דעם גרויסן פלאַקערדיקן פייער.

נאָכן עסן האָבן די סאָלדאַטן זיך גענומען צו אַנדערע אַרבעטן. זיי האָבן געוואַשן די כלים, געקערט דעם הויף, גע־רייניקט און געאוילט די ביקסן, געפּוצט די געלע מעשענע קנעפּ פון זייערע מונדירן, און זיך שטאַרק געפלייסט צו געפעלן דעם אָפיציר און זיינע געהילפן. אין אָוונט האָבן זיי געהאַט פריי.

אָבער די פרייהייט איז געווען אַ געצוימטע פאַר די סאָלדאַטן. זיי האָט געצויגן צום דאָרף, וואו די יונגע שיק־סעס זענען אין די אָוונטן געזעסן אויף די פּריזבעס פון זייערע כאַטעס און געזונגען לידער. אין דער שטילקייט פון דער נאַכט האָבן די מיידלשע לידער זיך דערטראָגן אַזש צו דער קרעטשמע און איינגערוימט די סאָלדאַטן אַזעלכע זאַכן,

וואָס האָבן גאָרנישט געהאַט צו טאָן מיט די שלעכטע פּריי־ צים און מיט דעם אויפשטאַנד פון די פּויערן. אָבער גייען אין דאָרף, האָבן די סאָלדאַטן נישט געטאָרט. פלעגן זיי אין די אָוונטן זיך אויסזעצן ביים אָפענעם טויער פון הויף, זיך איינהערן מיט פאַרוואָרפענע קעפּ צו די פאַרבענקטע מיידל־ שע לידער, און זיי אָפענטפערן פון ווייטנס מיט אייגענע דוינעס און ראָמאַנסן. דאָס האָט דער אָפיציר זיי נישט פאַרווערט.

צווישן די סאָלדאַטן זענען געווען צוויי מוזיקאַנטן. איינער האָט געשפּילט אויף אַ האַרמאָניע און איינער אויף אַ פייפל. דער האַרמאָניע־שפּילער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גרויסן מוזיקאַנט. אַז מ'האָט אים געבעטן עפּעס שפּילן, גלאַט אַזוי, צוליב פריילעכקייט, האָט ער זיך באַליידיקט און געזאָגט, אַז ער איז נישט קיין קלעזמער. אויב שפּילן, דאַרף דאָס זיין קאָנצערט. און קאָנצערט האָט געמיינט, אַז די סאָלדאַטן דאַרפן זיך אויסזעצן אַרום אים מיט ערנסטע פּנימער און קיין פּיפּס נישט טאָן. די סאָלדאַטן האָבן זיך באַמיט אים צו פאָלגן. זיי האָבן אָנגעצויגן געוואַלדיקע ערנסטע מינעס און זיך באַהערשט מיט אַלע כוחות. אָבער אַז די שיינע, פאַרבענקטע לידלעך האָבן זיי גענומען ציען און צופּן ביים האַרץ, האָבן זיי סוף־כל־סוף זיך נישט גע־ קאָנט איינהאַלטן און אים גענומען באַגלייטן מיט געזאַנג. דאָס געזאַנג האָט געהאַט אַ סך חן און צוגעגעבן אַ סך טעם צום שפּילן, אָבער דער האַרמאָניע־שפּילער איז דערנאָך ברוגז געווען אַ לאַנגע צייט.

די דאָזיקע „קאָנצערטן" זענען פאַר אונדז געווען זייער אַמוזאַנט. אין די אָוונטן, ווען די סאָלדאַטן האָבן געשפּילט

און געזונגען, האָט די קרעטשמע נישט אויסגעזען אַזוי טונקל און מרה־שחורהדיק.

אָבער גאָר פֿריילעך איז געווען, ווען די סאָלדאַטן האָבן גענומען ווייזן קונצן. דאָס זענען געווען פּראָסטע, פּרימיטיווע קונצן, נאַאיווע דאָרפֿישע שפּיצלעך און לצנות, אָבער מיר האָבן זיך דערביי אַ סך אָנגעלאַכט. איין סאָלדאַט, זייער אַ פּעטער און מיט אַ גרויסן לויזן בויך, האָט געוויזן ווי ער גייט אויף די הענט מיט די פֿיס אין דער לופֿטן. בשעת ער האָט געשפּאַנט מיט די הענט אויף דעם ליימענעם דיל פֿון קאָרידאָר, האָט ער געוואָרפֿן מיט זיינע קורצע פּעטע פֿיס־לעך און געטרעסלט דעם בויך. אַ צווייטער איז געווען אַ בריה אויף טראָגן אַ שטעקן אויף דער שפּיץ נאָז. די אַנ־דערע סאָלדאַטן איז געגאַנגען אין לעבן, אַז דער שטעקן זאָל ביי אים אַראָפּפֿאַלן. זיי זענען אים נאָכגעגאַנגען, געלאָפֿן אַנטקעגן, אים געפּרואווט איבערשרעקן, און דער סאָלדאַט האָט מיט אַלע כוחות אָנגעהאַלטן דעם גלייכגעוויכט פֿון דעם שטעקן. פֿון גרויס באַמיאונג זענען אים אַרוים טראָפּנס שווייס אויפֿן פּנים און זיין קאַרק איז געוואָרן צונטער־רויט. אָבער דער שטעקן איז נישט אַראָפּגעפֿאַלן. ווען די סאָל־דאַטן האָבן שוין קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט, האָט איינער אים אונטערגעשטעלט אַ פֿוס, און דער סאָלדאַט אינאיינעם מיטן שטעקן האָבן זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד.

אָבער דאָס גרעסטע געלעכטער האָט אַרויסגערופֿן אַ קליינער געשטופּלטער סאָלדאַט, וואָס האָט געקאָנט „אויס־שפּילן" דעם קעניגלעכן הימן אויף גאָר נישט קיין שיינעם אופֿן. ער האָט פֿאַרלייגט אַ האַנט אונטער דער נאַקעטער פּאַכווע און מיט דער צווייטער האַנט האָט ער אויסגעקוועטשט

אַזעלכע מאָדנע הייזעריקע קוויטשעלעך, וואָס האָבן דער־מאָנט אין אַ מאַיסוער מענטשלעכער זאַך. די אַנדערע סאָל־דאַטן האָבן צוגעטופּעט מיט די פיס און בעת־מעשׂה זיך געהאַלטן ביי די נעז, כּדי מ׳זאָל קיין טעות נישט האָבן און טאַקע וויסן וואָס די קוויטשעלעך מיינען.

צוויי סאָלדאַטן האָבן געשפּילט „טעאַטער". זיי האָבן זיך פאַרשטעלט ווי שיקסעס, מיט אַלטע פרויען־קליידער וואָס די מאַמע האָט זיי געגעבן, זיך אָנגעשטאָפּט די בוזעמס מיט שמאַטעס, זיך באַהאַנגען מיט קרעלן און קאָלירטע סטענ־געס, און געזונגען אַ דועט מיט נאָכגעקרימטע פרויען־שטי־מעס. דער דועט האָט דערציילט פון צוויי מיידלעך, איינע אַ רייכע אָבער אַ מיאוסע, די צווייטע אַן אָרעמע אָבער אַ שיינע, וואָס קריגן זיך איבער אַ בחור. דער סאָלדאַט, וואָס האָט פאַרגעשטעלט דאָס רייכע מיידל, האָט אַרויפגעצויגן אַ פאַרקרימטע און פאַרזויערטע מינע אויפן פּנים, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ מיאוס מיידל, און געזונגען מיט פּריצישער גדלות:

איך וועל זיין דעם בחורס פרוי!
ס׳גיט דער טאַטע אָקסן פיר
און אויך שעפּסן אָן אַ שיעור.

דער צווייטער סאָלדאַט האָט פאַרשטעקט די הענט אין די היפטן, געשמייכלט קאָקעטיש, און געזונגען מיט אַ זיס חנדעלע, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ שיין מיידל:

איך וועל זיין דעם בחורס פרוי!
ס׳וועלן אָקסן פיר נישט טויגן
ביי דעם שיין פון מיינע אויגן.

**און די שעפּסן — פרעגט ביי לייטן**
**צי זיי קאָנען מיך פאַרבייטן.**

בשעת די צוויי פאַרשטעלטע סאָלדאַטן האָבן געזונ־גען, האָבן די אַנדערע סאָלדאַטן געמאַכט כלעריי בחורשע שטיק. זיי האָבן געוואונקען מיט די אויגן, געריפן די מע־נערישע שיקסעס אין זייערע אָרעמס, געוואָרפן לופט־קושן, און זיך געטשעפּעט צו זיי מיט געמאַכטע תאוהדיקע מינעס און העויות, ווי צו אמתע שיקסעס.

מיט דעם האָט די פאָרשטעלונג זיך געענדיקט.

*

יעדן אינדערפרי פלעגט דער סערזשענט אַרויסנעמען די סאָלדאַטן אויף אַ מאַרש. דאָס איז געווען אַ דעמאָנס־טראַציע פון דער מיליטערישער מאַכט. דער מאַרש האָט זיך געצויגן ביז צום פּריצס הויף און צוריק ביז צום קלויסטער פון דאָרף. די פּויערן, וואָס האָבן געאַרבעט אָדער זיך גע־פּאָרעט אין די הויפן, זענען געבליבן שטייען מיט אַ גרעב־לע אָדער לאָפּעטע אין האַנט און געקוקט מיט אָפּשיי אויף די מאַרשירנדיקע סאָלדאַטן. ווען די סאָלדאַטן זענען פאַר־בייגעגאַנגען די דאָרפישע כאַטעס, האָבן די פּויערן אַראָפּ־געכאַפּט די קיטשמעס פון קאָפּ.

די פּויערן פון אונדזער דאָרף זענען געווען שטילע, פרידלעכע מענטשן. זיי האָבן זיך ווינציק געמישט אין דעם אויפשטאַנד, הגם זיי האָבן געטראָגן דעם יאָך פון פּריץ גלייך מיט אַלע אַנדערע פּויערן פון לאַנד. בלויז די יונגע שקאָצים האָבן זיך געבונטעוועט. זיי האָבן פאַררופן אסיפות

אין דאָרף, און אַפּט אַראָפּגעבראַכט אַ רעדנער פון שטאָט. דער רעדנער פלעגט קומען מיט פולע קעשענעס צירקולאַרן און זיי פּאַרטיילן צווישן די פּויערן. די עלטערע פּויערן האָבן זיך געשראָקן פאַר די דאָזיקע אסיפות, ווייל אַזעלכע דאָרפישע פאַרזאַמלונגען זענען געווען פאַרבאָטן. אָבער דער רעדנער האָט זיי דערקלערט, אַז דער פאַרבאָט איז נישט געזעצלעך, ווייל די קאָנסטיטוציע גאַראַנטירט פרייע פאַרזאַמלונג און פרייע רעדע. ער האָט זיי אויך אויפגעקלערט וועגן דער עמאַנציפּאַציע און וועגן דעם אייגן לאַנד, וואָס די רעגירונג האָט צוגעזאָגט די פּויערן נאָך מיט איבער פערציק יאָר צוריק, אין 1864 — און נישט געהאַלטן וואָרט. ער האָט געזאָגט, אַז די פּויערן וואָלטן שוין לאַנג געווען באַפרייט פון זייער קנעכטשאַפט און געהאַט אַן אייגן שטיקל לאַנד, ווען נישט די פּריצים, די פעאָדאַלע באַראָנען, וואָס באַהערשן די רעגירונג.

די עלטערע פּויערן האָבן נישט געוואוסט פון אַזעלכע זאַכן ווי קאָנסטיטוציע און עמאַנציפּאַציע. זיי האָבן נאָר געוואוסט, אַז דער פּריץ האַלט זיי פאַרקנעכט, אַז זיי האָרעווען ווי אָקסן, און אַז נאָך אַ זומער פון שווערער האָרעוואַניע קלעקט זיי נישט אַפילו אויף אַ קאַפּעלע נאַפּט. דאָס איז געווען געגנוג אַז דער רעדנער זאָל אין זיי אָנצינדן אַ צאָרן קעגן די פּריצים. אָבער ווען דער רעדנער האָט פאַרלאָזט דאָס דאָרף, האָבן זיי ווידער מורא געקראָגן און געבעטן די יונגע שקאָצים נישט צו פאַררופן קיין אסיפות. אָבער די שקאָצים האָבן נישט געפאָלגט. זיי זענען אַרומגעגאַנגען מיט די צירקולאַרן וואָס דער רעדנער האָט איבערגעלאָזט, זיי פאַרטיילט צווישן די פּויערן, זיי אויפגעקלעפּט אויף פּלויטן און הויפן, און פאַררופן נייע אסיפות מיט פריי־

שע רעדנערס. דאָס איז אָנגעגאַנגען ביז די סאָלדאַטן האָבן זיך באַוויזן אין דאָרף. ווען די סאָלדאַטן זענען אָנגעקומען, זענען די צירקולאַרן פאַרשוואונדן פון די פּלויטן און הויפן, און די שקאָצים האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין זייערע כאַ־טעס.

די סאָלדאַטן האָבן אָנגעוואָרפן אַ מורא אויפן דאָרף. די פּויערן האָבן נישט געוואוסט, צי מעגן זיי אָפּטרעטן פון זייערע הויפן. אין קרעטשמע זענען זיי זעלטן געקומען. די וואָס זענען געקומען, האָבן נישט געוואוסט ווי זיך צו האַלטן. זיי האָבן מורא געהאַט אויסצורעדן אַ וואָרט און נישט גע־וואוסט, צי זאָלן זיי זיצן אָדער שטייען. דער אָפיציר האָט געהאַלטן אַ רעדע פאַר זיי און געזאָגט, אַז כל־זמן זיי וועלן זיך האַלטן רואיק און זיך נישט בונטעווען, האָבן זיי נישט וואָס מורא צו האָבן. זיי מעגן קומען אין קרעטשמע און פאַרברענגען ווי אַלע מאָל. די פּויערן האָבן אויסגעהערט דעם אָפיציר מיט די קיטשמעס אין די הענט און הכנעהדיק צוגעשאָקלט מיט די קעפּ.

פון דעמאָלט אָן פלעגן די פּויערן אָפטער קומען אין קרעטשמע. אָבער די קרעטשמע איז שוין נישט געווען דאָס וואָס אַמאָל. די סאָלדאַטן האָבן זיך אַרומגעדרייט מיט די ביקסן אויף די אַקסלען, מיט די אָנגעשטעקטע באַיאָנעטן, און די קרעטשמע מיט אירע דיקע שטיינערנע ווענט און קליינע פאַרגראַטעוועטע פענצטער האָט אויסגעזען ווי אַ באַוואָפנטע מיליטערישע פעסטונג. די פּויערן זענען גע־זעסן אויף די שפּיץ בענק, געזופּט דעם בראָנפן, געדרייט די ליולקעס, און מורא געהאַט אויפצוהויבן זייער קול.

און אָט איז געקומען אָן אומגעריכטע און שרעקלעכע בשורה. דריי דערפער האָבן זיך פאַראייניקט אין אַ באַ־

גייטן אויפשטאַנד. טויזנטער פויערן האָבן אין מיטן דער נאַכט זיך אַ לאָז געטאָן פון זייערע כאַטעס מיט העק און קאָסעס און מיט פלעשער נאַפט אין די הענט. פריצישע שאַ־פערייען האָבן גענומען פלאַקערן אויף די פעלדער. שפייכלערס און שייערן און גאַנצע פריצישע הויפן זענען אַוועק מיטן רויך. מיטאַמאָל האָט אַ בליץ געטאָן איבערן הימל און אַ מורא־דיקער קראַך פון קאַנאָנען האָט אָפגעהילכט איבער די אַרו־מיקע בערג און טאָלן. דריי דערפער און עלף טויזנט נפשות זענען אָפגעווישט געוואָרן פון דער ערד.

מיט דעם האָט דער אויפשטאַנד זיך געענדיקט.

*

ווען די סאָלדאַטן זענען פון אונדז אַוועק, איז די קרעטש־מע געוואָרן ווידער קרעטשמע. אָבער דאָס דאָרף איז שוין נישט געווען דאָס זעלבע.

דער אויפשטאַנד האָט זיך אויסגעלאָזט מיט אַ בי־טערן סוף. די פויערן האָבן געוואוסט, אַז קיין לאַנד און קיין פרייהייט וועלן זיי מער נישט קריגן. זיי זענען געזעסן אין זייערע כאַטעס אַנטוישטע און באַזיגטע און געקריצט מיט די ציין.

דער דורכגעפאַלענער אויפשטאַנד איז געווען אַ גוטער צושפּיל פאַר די אַנטיסעמיטן. די סטודענטן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן איבער די דערפער אויסצולאָדן דעם אונטערדריקטן צאָרן פון די פויערישע הערצער. זיי האָבן נאָך אַמאָל אי־בערגעחזרט דעם פריערדיקן בלבול, אַז נישט די פריצים זע־נען שולדיק אין דער אָרעמקייט פון די פויערן, נאָר די יידן. זיי האָבן געהעצט די פויערן קעגן די יידישע פאַסעסאָרס,

יידישע רענדאַרן און קרעטשמערס. צווישן די סטודענטן האָבן זיך אויך געפונען יונגע אַנטיסעמיטישע סעמינאַריסטן, וואָס האָבן געהעצט די פויערן כלומרשט אין נאָמען פון קריסטלעכקייט. זיי האָבן אויפגעפרישט דעם דורות־לאַנגן בלבול, אַז יידן האָבן געקרייציקט איסוס כריסטוס, און אַזוי ווי ס׳איז געווען ערב־פסח, האָבן זיי אויך צוגעלייגט דעם בלוט־בלבול, אַז יידן נוצן קריסטלעך בלוט אויף פסח.

אויך צו אונדז אין דאָרף איז אָראָפּגעקומען אַזאַ סעמינאַריסט. ער האָט געטראָגן שוואַרצע קליידער, אַ שוואַרצן קאַפּעלוש מיט ברייטע ראַנדן, און געהאַט שמאָלע שוואַרצע וואָנצעלעך מיט אַ קליין שפּיציק בערדל, וואָס האָבן אים צוגעגעבן די חשיבות פון אַ שטיקל גלח. ער איז פאַרפאָרן צום נאָטאַר פון דאָרף, אַ יונגער חוצפּהדיקער פויער, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַן אויפגעקלערטן, און וואָס האָט געהאַט אַ שם פון אַ געפערלעכן אַנטיסעמיט. דער נאָטאַר האָט באַלד פאַררופן אַן אסיפה, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט. וואָס דער סעמינאַריסט האָט גערעדט צו די דאָרפישע פויערן, האָבן מיר זיך דערוויסט גלייך אויף מאָרגן, ווען אַ שיכורער פויער האָט אַרויסגעפּלאַפּלט אַ פּאָר ווערטער.

די פויערן זענען געזעסן אין קרעטשמע און זיך געשושקעט. ווען דער טאַטע אָדער די מאַמע זענען פאַרבייגעגאַנגען, האָבן זיי געוואונקען איינע צו די אַנדערע און זיך געשמייכלט מיט די עלנבויגנס. אין קרעטשמע האָט געהערשט אַ מאָדנע שטילקייט. אַז אַ פויער האָט עפּעס געוואָלט, איז ער נישט צוגעקומען צום שענק־טיש, ווי געוויינלעך. ער האָט באַשטעלט פון ווייטנס, און געזוכט אויסצומיידן דעם טאַטנס אויגן.

אַ קליינגעוויקסיקער פּויער, אַ שוואַכער טרינקער, האָט זיך פּלוצים צעקאָכט ביים טיש. די אַרומיקע פּויערן האָבן אים געפּרואווט באַרואיקן, אָבער ער האָט געדרייט מיטן קאָפּ, זיך געצלמט און זיך געריסן פון זייערע הענט. מיט־אַמאָל איז ער אויפגעשפּרונגען און זיך צעשריגן:

— לאָזט מיך! איך וויל זיין אַ גוטער קריסט!

ער איז צוגעלאָפן צום טאַטן און געקלאַפּט מיטן פויסט אין שענק־טיש:

— איך וויל זיין אַ גוטער קריסט!

דער טאַטע האָט געשוויגן.

— פאַרוואָס שווייגסטו? — האָט דער פּויער געקלאַפּט מיטן פויסט. — איך וויל זיין אַ גוטער קריסט!

דער טאַטע האָט זיך אַרומגעקוקט איבער דער קרעטשמע. אַלע אויגן זענען געווען אַראָפּגעלאָזט.

— באַרואיק זיך, שטעפּאַן, — האָט דער טאַטע געזאָגט צום שיכורן פויער. — דו ביסט אַ גוטער קריסט.

— ניין! — האָט שטעפּאַן געוואָרפן מיט די אַקסלען. — איך בין נישט קיין גוטער קריסט! אַזוי זאָגט דער סעמינאַריסט!

אַ פּויער איז צוגעקומען און געוואָלט אוועקשלעפּן שטעפּאַנען.

— לאָזט מיך! — האָט שטעפּאַן זיך אַרויסגעריסן פון זיינע הענט. — איך וויל זיין אַ גוטער קריסט!

— זאָג מיר, שטעפּאַן, — האָט דער טאַטע אים געפרעגט. — ווער לאָזט דיך נישט זיין אַ גוטער קריסט?

— דו! — האָט שטעפּאַן געשריגן און געברענט פון רציחה. — דו און אַלע אַנדערע יידן! אַזוי זאָגט דער סעמינאַריסט!

דער טאַטע האָט געפילט, אַז שטעפאַן איז נישט דער איינציקער וואָס דענקט אַזוי. ער האָט דאָס געפילט פון דעם אויסדרוק אויף אַלעמענס פנימער, פון דעם שושקען און סודען זיך אין קרעטשמע. ער איז אַפּירגעגאַנגען פון דעם שענק־טיש און געפרעגט:

— גאָספּאָדאַרן, ווער נאָך דענקט ווי שטעפאַן?

די פויערן האָבן זיך איבערגעקוקט און נישט גע־וואוסט וואָס צו ענטפערן.

— אַלע דענקען ווי איך! — האָט שטעפאַן אויסגע־רופן. — אַלע!

אַ פויער איז צוגעקומען צום טאַטן:

— הער זיך נישט צו צו שטעפאַנען. ער פּלאַפּלט.

אַנדערע האָבן צוגעגעבן:

— ער איז שיכּור.

— ער ווייסט נישט וואָס ער רעדט.

מיטאַמאָל האָט איינער אַ כאַפּ געטאָן שטעפאַנען און אים אַרויסגעשלעפּט פון קרעטשמע. עטלעכע פויערן זענען נאָכגעגאַנגען. די איבעריקע זענען געבליבן זיצן ביי די טישן.

דער טאַטע האָט מער גאָרנישט געפרעגט.

*

פון יענעם טאָג אָן האָבן גענומען טרעפן זאַכן. דאָס וואָרט „זשידאַן" האָט זיך אָפט געהערט אין קרעטשמע. פּויערן פלעגן נאָכקרימען ווי יידן רעדן. די קליינע שקאָצים, מיט וועלכע מיר פלעגן זיך חברן, האָבן אונדז אויסגעמיטן. איינמאָל, ווען מיר זענען פאַרבייגעגאַנגען דאָס דאָרף, האָבן

זיי אָנגערייצט די הינט. ווען אַן עלטערער ברודער איז גע־פאָרן מיט אַ פעסל וואַסער פון דער קעניצע, זענען צוויי שקאָצים אונטערגעלאָפן און אַרויסגעשלעפּט דעם צאַפּן. עמע־צער האָט אויפגעפּענטעט אונדזער פערד וואָס האָט זיך גע־פּאַשעט ביי דער קרעטשמע, און עס פאַרטריבן. מיר האָבן דערנאָך אַ גאַנצן טאָג אַרומגעזוכט דאָס פערד און נישט געקאָנט געפינען. ערשט פאַרנאַכט איז דאָס פערד אַליין אַהיימגעקומען מיטן אויפגעבונדענעם שטריקל ביי די פיס.

יאָ, דאָס דאַרף איז שוין נישט געווען דאָס זעלבע.

די מאַמע האָט געלאָזט פאַלן אַ וואָרט וועגן אַוועקשיקן די קליינע קינדער אין שטאָט אַריין. דער טאַטע איז נישט מסכים געווען. מ׳טאָר נישט ווייזן אַז מ׳האָט מורא, האָט ער געזאָגט. די מאַמע איז אַרומגעגאַנגען אַ צעשראָקענע, אַ באַזאָרגטע, און כסדר געהאַלטן די קליינע קינדער לעבן זיך.

דריי פויערן זענען געקומען אין קרעטשמע מיט אַ מאָדנעם אויסדרוק אין זייערע אויגן. דער טאַטע האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביים שענק-טיש, אָבער די פויערן האָבן גאָר־נישט באַשטעלט. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק, קעגנאיבער דעם טאַטן, די הענט אָנגעשפּאַרט אויף זייערע שטעקנס, און געשוויגן. געראָיכערט און געשוויגן.

דער טאַטע האָט געפרעגט:

— וואָס וועט איר זאָגן גוטס, גאָספּאָדאַרן?

איינער האָט זיך אויפגעשטעלט און געצויגן די וואָנ־צעס:

— מיר זענען אַ דעלעגאַציע... דאָס דאָרף האָט אונדז געשיקט...

מער האָט דער פויער נישט געקאָנט זאָגן. ער האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס און זיך צוריק אַוועקגעזעצט.

אַ צווייטער האָט זיך אויפגעשטעלט:

— יאָ, מיר זענען אַ דעלעגאַציע... מיר זענען געקומען דיך בעטן, זאָלסט מוחל־זיין וואָס שטעפּאַן האָט געפּלאַפּלט. אָבער...

— אָבער וואָס? — האָט דער טאַטע געפרעגט.

דער צווייטער פּויער האָט אויך פאַרלוירן דאָס לשון.

— אַזוי די מעשה, — האָט דער דריטער פּויער זיך אויפגעשטעלט און געצויגן די ווערטער. — שטעפּאַן האָט געפּלאַפּלט... אַ שיכור פּלאַפּלט... אָבער... עפּעס האָט ער געמיינט... פאַרשטייט זיך, נישט אַזוי דאַרף מען רעדן... מ׳דאַרף זיך דורכרעדן ווי מענטשן... זענען מיר געקומען... ס׳הייסט, דאָס דאַרף האָט אונדז געשיקט...

— רעד קלאָרע דבורים, — האָט דער טאַטע געזאָגט.

— נו, האָסט דאָך געהערט... מיר זענען אַ דעלעגאַציע... מיר זענען געקומען דיך עפּעס פרעגן...

— פרעגט.

— אַזוי די מעשה... טאַקע וועגן אים, דעם סעמינאַריסט... ער זאָגט, מיר זענען נישט קיין גוטע קריסטן... דו ביסט געלערנט... לייענסט ביכער און גאַזעטן... ווילן מיר, זאָלסט אונדז זאָגן: וואָס מיינט אַ גוטער קריסט....

— איר האָט דאָך אַ גלח, — האָט דער טאַטע געזאָגט. — פאַרוואָס פרעגט איר נישט אייער גלח?

— געפרעגט... אודאי... אָבער דער גלח זאָגט איין זאַך, און דער סעמינאַריסט אַ צווייטע...

— אַ גוטער קריסט דאַרף פאָלגן אַ גלח, — האָט דער טאַטע געזאָגט.

— ריכטטיק... אודאי... אָבער ער, דער סעמינאַ־

ריסט... ער זאָגט, אַז צוליב די יידן קאָנען מיר קיין גוטע קריסטן נישט זיין... ער זאָגט, אַז פון אַנדערע דערפער טרייבט מען אַרויס די יידן... אונדז הייסט ער אויך אַזוי טאָן... אָבער מיר האָבן דאָך נישט קיין יידן...

— ס'הייסט, איר האָט נישט? איך בין אַ ייד.

— גאָט זאָל היטן! — האָט דער פויער זיך איבער־געצלמט. — דו... דו ביסט נישט קיין ייד... כ'מיין . . . יאָ . . . אַ ייד . . . אָבער אַנדערש . . .

— איך בין נישט אַנדערש. איך בין אַ ייד ווי אַלע יידן...

— וואָס רעדסטו?... דו ביסט דאָך הערשקו... אונדזער הערשקו...

די דריי פויערן האָבן זיך איבערגעוואונקען, און זיך געלאָזט צו דער טיר. ביי דער טיר האָט דער לעצטער פויער זיך אויסגעדרייט, און ווידער געזאָגט:

— גאָט זאָל היטן!

*

פון די אַרומיקע דערפער זענען אָנגעקומען שלעכטע בשורות. אין איין דאָרף זענען די פויערן באַפאַלן אַ יידישן דאָרף־הענדלער, אים אַראָפּגעשלעפּט פון וועגעלע, געשלאָגן מכת־רצח, און אים געלאָזט ליגן אַ פאַרבלוטיקטן אין מיטן וועג. אין אַן אַנדער דאָרף האָבן די פויערן געמאַכט אַ פּאָג־ראָם אויף אַ יידישער קרעטשמע. זיי האָבן געבראָכן שויבן, צעהאַקט טישן און בענק, און געראַבעוועט וואָס ס'האָט זיך געלאָזט.

אין די שטעט זענען פֿאָרגעקומען סטודענטישע דע־מאָנסטראַציעס. די סטודענטן האָבן מאַרשירט איבער די גאַסן מיט שטעקנס און שילדן אין די הענט און געזונגען אַנטיסעמיטישע לידער. אויף די שילדן זענען געווען אויס־געמאָלן קאַריקאַטורן פֿון אַלטע יידן מיט גיפֿטיקע אונטער־שריפֿטן. איין שילד האָט געוויזן ווי אַ קריסט צעמאָלט אַ יידן מיט אַ מילעכל און ווי פֿון דער צווייטער זייט קומט אַרויס אַ וואורשט מיט דעם אויפֿשריפֿט „כשר".

ביי אונדז אין דאָרף האָט מען זיך אויך געבונטעוועט. די יונגע שקאָצים האָבן פֿאַרלאַנגט פֿון זייערע טאַטעס צו פֿאָלגן די סעמינאַריסטן און האַנדלען ווי „גוטע קריסטן". אויך אין קרעטשמע האָבן גענומען טרעפֿן זאַכן. איינמאָל, ווען דער טאַטע האָט דערלאַנגט אַ פּויער אַ פֿלאַש וויין, האָט דער פּויער, כלומרשט אומגערן, איבערגעקערט די פֿלאַש און צעגאָסן דעם וויין איבערן טיש. דער טאַטע האָט זיך געמאַכט נישט־וויסנדיק. ער האָט אָפּגעווישט דעם טיש און דערלאַנגט דעם פּויער אַ צווייטע פֿלאַש וויין. אַ שייגעץ האָט אַרויסגעשטעקט אַ פֿוס ווען אַ ברודער איז דורכגעגאַנגען, און זיך כלומרשט געחידושט וואָס דער ברודער איז אומגע־פֿאַלן.

די מאַמע האָט ווידער געזאָגט, אַז מ׳דאַרף אַוועק־שיקן די קליינע קינדער. אָבער דער טאַטע איז אַלץ נישט מסכים געווען. ער האָט באַשלאָסן זיך אָפּן דורכרעדן מיט די פּויערן פֿון דאָרף. די מאַמע האָט אים געבעטן, ער זאָל דאָס נישט טאָן. אָבער דער טאַטע האָט דורכגעפֿירט זיין באַשלוס.

*

דאָס איז געווען אין אַ זונטיק אינדערפֿרי, באַלד ווי די פּויערן זענען אַרויס פֿון קלויסטער. אויפֿן פֿאַרלאַנג פֿון טאַטן זענען אַלע פּויערן געקומען אין קרעטשמע. אויך מאַמעס מיט קליינע קינדער זענען געקומען. די קרעטשמע איז גע־וואָרן איבערגעפּאַקט. אַ סך פּויערן האָבן געמוזט שטייען אין דרויסן.

דער טאַטע איז געשטאַנען הינטערן שענק־טיש, אַ בלייכער. די מאַמע האָט דערשראָקן אַרויסגעקוקט פֿון שטוב דורכן פֿאַרהאַנגענעם פֿענצטערל פֿון דער טיר. אין קרעטש־מע איז געווען שטיל. די פּויערן האָבן געוואַרט אַז דער טאַטע זאָל רעדן. דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז ער וויל רעדן צו אַלע פּויערן און אַזוי ווי אין קרעטשמע איז פֿאַר אַלעמען קיין פּלאַץ נישטאָ, זאָל מען אַרויסגייען אין הויף. ער איז אַפּירגעגאַנגען פֿון שענק־טיש, און די פּויערן זענען אים נאָכגעגאַנגען.

אין הויף האָט דער טאַטע זיך אַרויפֿגעשטעלט אויף אַ פֿעסל, אַנטקעגן די פּויערן.

— גאָספּאָדאַרן! — האָט דער טאַטע געזאָגט. — איך ווייס וואָס ס'טוט זיך אין דאָרף. איך ווייס אויך וואָס די סעמי־נאַריסטן זאָגן אייך. איך בין דער איינציקער ייד ביי אייך אין דאָרף. איך בין איינער, און איר זענט אַ סך. איר קאָנט טאָן מיט מיר וואָס איר ווילט.

— גאָט זאָל היטן! — האָט עמעצער אויסגערופֿן.

— הערט, גאָספּאָדאַרן! — האָט דער טאַטע געזאָגט. — נישט לאַנג צוריק איז געווען אַן אויפֿשטאַנד. דער אויפֿ־שטאַנד איז געווען קעגן די פּריצים. אָבער סטודענטן זענען אַרומגעפֿאָרן איבער די דערפֿער און געוואָלט איינשמועסן די פּויערן, אַז די יידן האָבן פֿאַרכאַפּט דאָס לאַנד. פֿרעג איך

איך, גאָספּאָדאַרן: ווי לייגט זיך דאָס אויפן שכל? איר ווייסט גאַנץ וואויל, אַז יידן טאָרן נישט באַזיצן קיין לאַנד. טאָ ווי קאָנען יידן פאַרכאַפּן דאָס, וואָס זיי טאָרן נישט באַזיצן?

אַ פּויער האָט אויסגעשריגן:

— אָבער קרעטשמעס האַלטן זיי!

— יאָ, — האָט דער טאַטע געזאָגט. — קרעטשמעס האַלטן זיי. אָבער נאָר אין די שטעט.

— אָבער דו האַלטסט דאָך אַ קרעטשמע אין דאָרף!

— אמת, — האָט דער טאַטע געזאָגט. — איך האַלט אַ קרעטשמע אין דאָרף. אָבער ווייסט איר פאַרוואָס איך מעג האַלטן אַ קרעטשמע אין דאָרף?

אַ פּויער איז אַרויסגעשפּרונגען:

— גאָספּאָדאַרן! איך וועל אייך זאָגן פאַרוואָס. אָבער ענטפערט אויף מיינע פראַגן. געדענקט איר די מלחמה מיטן טערק?

— מיר געדענקען.

— געדענקט איר די שלאַכט ביי פּלעוונע?

— מיר געדענקען.

— טאָ ווייסט, אַז אונדזער הערשקו איז געווען ביי פּלעוונע! יאָ, ביי פּלעוונע! ער איז געגאַנגען אין מלחמה, און גענומען פּלעוונע! דערפאַר מעג ער האַלטן אַ קרעטשמע אין דאָרף.

דעם פּויערס רייד האָבן געווירקט, אָבער נישט אויף אַלע. טייל האָבן זיך געשפּאַרט.

דער טאַטע האָט ווידער גערעדט:

— הערט, גאָספּאָדאַרן! דרייסיק יאָר אַז איך האַלט דאָ די קרעטשמע. מיינע קינדער האָבן זיך אויפגעהאָדעוועט

אינאײנעם מיט אײערע. אינאײנעם אין מיליטער געדינט. מיר האָבן דורכגעמאַכט אַלערלײ צײטן, גוטע און שלעכטע. אין די שלעכטע צײטן בין איך אײך שטענדיק געװען אַ פֿרײנד.

דער טאַטע האָט באַמערקט עטלעכע פֿויערן װאָס קאָכן זיך.

— זאַמפּירעסקו! — האָט ער געזאָגט צו אײנעם פֿון זײ. — איך זע אַז דו קאָכסט זיך. װיל איך דיך פֿרעגן: געדענקסט װען דאָס ערשטע קינד איז בײ דיר געבוירן געװאָרן? שױן צװאַנציק יאָר אין דעם. װער האָט דיר געגעבן געלט צו טױפֿן דאָס קינד? איך האָב דיר געגעבן! זאָג, זאַמפּירעסקו: האָסט באַצאָלט יענעם חוב?

זאַמפּירעסקו האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

דער טאַטע האָט געפֿרעגט אַ צװײטן:

— און דו, מאַראַרו! װער האָט דיר געהאָלפֿן חתונה מאַכן דײן טאָכטער? איך האָב דיר געהאָלפֿן! שױן אַכט יאָר אין דעם. זאָג, מאַראַרו: האָסט באַצאָלט יענעם חוב?

אױך מאַראַרו האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— און דו, יאָנעסקו! — האָט דער טאַטע זיך געװענדט צו אַ דריטן. — געדענקסט װען דײן װײב איז געשטאָרבן? דער מת איז געלעגן אין שטוב, און דו האָסט נישט געהאַט אויף קבורה. צו װעמען ביסטו געקומען? צו מיר! זאָג, יאָנעסקו: האָסט באַצאָלט יענעם חוב?

יאָנעסקו האָט נישט געהאַט װאָס צו זאָגן.

— גאַספּאַדאַרן! — האָט דער טאַטע זיך געװענדט צום גאַנצן עולם. — איך מאָן נישט די חובות. איך פֿרעג אײך נאָר: בין איך גערעכט װען איך זאָג, אַז איך בין אײך שטענדיק געװען אַ פֿרײנד?

— געראַכטן! — האָבן די פּויערן צוגעשטימט.
אַ שטעקן האָט זיך צעפּאַכעט אין דער לופטן:
— כאָטש ער איז גערעכט, איז ער דאָך אַ ייד!
דער עלטסטער פּויער פון דאָרף, אַ זקן קרוב צו נײַנציק מיט אַ ווייסן קאָפּ און געבויגענעם רוקן, האָט זיך לאַנגזאַם אַרויסגערוקט פון צווישן עולם, אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט לעבן טאַטן, מיטן פּנים צו די פּויערן, און געזאָגט:
— גאַספּאַדאַרן! איך וועל אײַך זאָגן וואָס הערשקו האָט געטאָן פאַר אונדז!
אין הויף איז געוואָרן שטיל. בלויז אַ פּאָר שקאַצים האָבן זיך געבונטעוועט. דער זקן האָט גערעדט שטרענג אָבער רואיק:
— דאָס איז אַ מעשה פון באַלד דרייסיק יאָר. איר, יונגע לאַשיקעס, וואָס בונטעוועט זיך דאָרטן, געדענקט עס נישט. איר זענט נאָך דענצמאָל אַפילו אין אייער מאַמעס בויך נישט געווען. טאַ הערט זיך צו מיט קאָפּ. געווען אַ פול דאָרף מיט קי. יעדער גאַספּאַדאַר האָט געהאַט אַ קו. אָבער קיין בוהיי איז נישט געווען. פלעגט מען שלעפּן די קי אין אַנדערע דערפער, וואו בוהייען זענען יאָ געווען. אָבער דאָס האָט נישט געטויגט. גאַספּאַדאַרן פירן זיך נישט אַזוי. זענען מיר געקומען צו הערשקון. הערשקו, האָבן מיר געזאָגט, ס'איז שלעכט. אַ פול דאָרף מיט קי, און קיין בוהיי איז נישטאָ. וואָס טוט מען? מ'דאַרף אַ בוהיי. הערשקו האָט אונדז אויסגעהערט, און געזאָגט: יאָ, מ'דאַרף אַ בוהיי. ריכטיק, הערשקו, האָבן מיר געזאָגט, אודאי דאַרף מען אַ בוהיי. אָבער אַ בוהיי קאָסט געלט, און דאָס דאָרף איז אָרעם. האָט הערשקו זיך פאַרטראַכט. דערנאָך האָט ער אַ זאָג געטאָן:

איך קויף אייך אַ בוהיי! אַט דאָס האָט הערשקו געטאָן. אונדזער הערשקו.

דעם זקנס רייד האָבן געמאַכט אַ גרויסן רושם אויף די פּויערן. פון אַלע זייטן האָט זיך געהערט:

— אונדזער הערשקו!

די שקאָצים האָבן זיך שוין מער נישט געבונטעוועט.

דער זקן האָט געדריקט דעם טאַטנס האַנט, און נאָך אים אַנדערע פּויערן.

דער טאַטע האָט אַ וואונק געטאָן צו מיין עלטערן ברודער. דער ברודער האָט שוין געוואוסט וואָס דער טאַטע מיינט. ער איז אַריינגעלאָפן אין קרעטשמע און אַרויסגע־בראַכט אַ דעקאַ בראָנפן. אונדזער דינער, דער אַלטער ניקוליי, האָט אים נאָכגעטראָגן אַ טאַץ מיט גלעזלעך.

דער טאַטע האָט אָנגעגאָסן די גלעזלעך, און געזאָגט:

— טרינקט, גאָספּאָדאַרן!

די פּויערן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו די גלעזלעך. זיי האָבן געהאַלטן די גלעזלעך אין דער לופטן, און צוגע־וואונשן:

— לעבן זאָל אונדזער הערשקו!

דער ברודער האָט אַרויסגעבראַכט אַ צווייטן און אַ דריטן דעקאַ בראָנפן. דער עלטסטער פּויער איז צוגעשטאַנען, אַז דער טאַטע זאָל טרינקען אַ לחיים מיטן גאַנצן דאָרף. דער טאַטע האָט גענומען אַ גלעזל אין האַנט, און געזאָגט:

— לחיים, גאָספּאָדאַרן!

— לעבן זאָל אונדזער הערשקו! — האָבן די פּויערן אָפּגעענטפערט.

איינער פון דער דעלעגאַציע, וואָס איז נישט לאַנג צו־

ריק געקומען אין קרעטשמע, איז אַרויפגעשפּרונגען אויפן פּעסל און אויסגערופן צו די פּויערן:

— הערט, גאַספּאָדאַרן! איר ווייסט דאָך וואָס ס'טוט זיך איבערן לאַנד. די סטודענטן און סעמינאַריסטן פּאַרדרייען די קעפּ. די דערפער זענען אָנגעהיצט. אונדזער הערשקו וואוינט אַליין אין מיטן וועג, ווייט פון דאָרף. אַלערליי מענטשן פאָרן דאָ פאַרביי. ווי זאָגט דער רומענער: מ'קאָן נישט וויסן פון וואַנען דער האָז שפּרינגט אַרויס. לאָמיר אָוועקשטעלן צוויי סטרעזשערן ביי דער קרעטשמע, איינעם ביי׳טאָג און איינעם ביינאַכט, זיי זאָלן היטן אונדזער הערשקו! זענט איר איינשטימיק!

— איינשטימיק! — האָבן אַלע געענטפערט.

די פּויערן האָבן זיך שטאַרק געפרעשט. זיי האָבן גע־קראָגן געניג בראָנפן צו ווערן פריילעך, אָבער נישט שיכור. די מאַמעס מיט די קליינע קינדער זענען אַוועק אַהיים. די אַנדערע פּויערן זענען אַריין אין קרעטשמע. אין קרעטשמע האָבן שוין געוואַרט צוויי קלעזמער, וואָס דער טאַטע האָט באַשטעלט.

יענער זונטיק איז געווען אַ פריילעכער אין קרעטש־מע.

*

נאָר אָט האָט אַ רייטער געבראַכט אַ שלעכטע בשורה. ער האָט געזאָגט, אַז אויפן וועג האָט ער באַגעגנט אַ מחנה צעקאַכטע פּויערן, וואָס גייען אין שטאָט אַריין זיך אָפּרעכע־נען מיט די יידן. דער וועג אין שטאָט האָט געפירט פאַרביי אונדזער קרעטשמע. דער טאַטע איז געווען באַזאָרגט. די

מאַמע האָט געהייסן פאַרמאַכן די קרעטשמע און מיר זאָלן זיך אויסבאַהאַלטן אין דאָרף. דאָס טויג נישט, האָט דער טאַטע געזאָגט. אויב די פויערן זאָלן וועלן עפּעס קויפן און זען אַז אַ ייד האָט פאַרמאַכט די קרעטשמע, וועט נאָך ערגער זיין. דער סטרעזשער, וואָס דאָס דאָרף האָט אָוועקגעשטעלט היטן די קרעטשמע, האָט איינגעשטימט מיטן טאַטן. ער האָט געזאָגט, אַז ער גייט לאָזן וויסן דעם דאָרף. כדי ער זאָל דאָס טאָן וואָס גיכער, האָט דער טאַטע אים געהייסן נע־מען אונדזער פערד.

מיר זענען געשטאַנען אויפן בריקל פאַר דער קרעטש־מע און געזען ווי דער סטרעזשער רייט איבערן דאָרף. פויערן האָבן גענומען גייען פון יעדער כאַטע און פון יעדן הויף. די וואָס זענען געגאַנגען פאַראויס, האָבן גערופן מיט די הענט די אַנדערע, וואָס זענען זיי נאָכגעגאַנגען. דער וועג פון דאָרף צו דער קרעטשמע איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט דאָרפישע פויערן, יונגע און אַלטע, מענער און פרויען, אַלע באַוואָפנט מיט שטעקנס און לאָפּעטעס, מיט גרעבלעס און קאָסעס, און גלאַט שטיקער האָלץ.

די פויערן האָבן געהייסן פאַרמאַכן די קרעטשמע, און אַליין האָבן זיי זיך אויסגעשטעלט אין אַ קיילעכיקן ראָד אַרום דעם מויער. אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט זיך באַוויזן די מחנה פרעמדע פויערן. ווען זיי האָבן זיך דער־נענטערט צו דער קרעטשמע און דערזען די דאָרפישע פויערן מיט די וואָפן אין די הענט, האָבן זיי געמיינט, אַז אויך דאָ קומט פאָר אַן אָנפאַל אויף יידן. זיי האָבן באַגריסט די דאָר־פישע פויערן מיט ברידערלעכע געשרייען און אַנטיסעמיטישע אויסרופן. אָבער ווען זיי האָבן באַמערקט, אַז די דאָרפישע

פויערן ענטפערן נישט אויף זייער באַגריסונג, זענען זיי גע־וואָרן שטאַרק פאַרחידושט.

— וואָס קומט דאָ פאָר? — האָבן זיי געפרעגט.

דער זקן, וואָס האָט עטלעכע טעג פריער געהאַלטן די רעדע ביי אונדז אין הויף, איז צוגעגאַנגען צו דער מחנה און געזאָגט:

— דאָ קומט גאָרנישט פאָר, און ס'וועט ג אָ ר נ י ש ט פאָרקומען!

— דער זשידאַן האָט אייך אונטערגעקויפט! — האָט אַ פרעמדער אויסגערופן.

— אונדז דאַרף קיינער נישט אונטערקויפן, — האָט דער זקן געזאָגט. — נאָר אויב איר ווילט עפּעס קויפן, וועט איר מוחל זיין און צוגייען צו יענעם פענצטער. — ער האָט אָנגעוויזן אויף אַ זייטיקן פענצטער פון דער קרעטשמע. — דאָרט וועט מען אייך גיבן וואָס איר דאַרפט. אָבער איך ראָט אייך ווי אַ ברודער: קויפט וואָס איר דאַרפט, און גייט אייך געזונטערהייט.

די פרעמדע פויערן זענען געבליבן אָן לשון. אַ ווײַלע האָבן זיי זיך איבערגעקוקט און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. דערנאָך האָבן זיי איינציקווייז זיך אויסגעשטעלט ביים פענצ־טער, וואָס דער זקן האָט זיי אָנגעוויזן. צוויי דאָרפישע פויערן זענען געשטאַנען ביים פענצטער און גענומען די באַ־שטעלונגען. קודם האָבן זיי פאַרלאַנגט דאָס געלט און דער־נאָך האָבן זיי געזאָגט צום טאַטן דורכן פענצטער וואָס צו דערלאַנגען. ווען אַ פרעמדער האָט געקראָגן וואָס ער דאַרף, האָבן די צוויי פויערן אים אַוועקגעשטופּט פון פענצטער, און אַנדערע דאָרפישע פויערן, וואָס זענען געשטאַנען אין

צוויי רייען פון ביידע זייטן, האָבן אים געטריבן מיט די שטעקנס און לאַפּעטעס צום וועג.

ווען די גאַנצע פרעמדע מחנה איז שוין געשטאַנען אויפן וועג, איז דער זקן ווידער צוגעגאַנגען, און געזאָגט:

— איצט גייט אייך אייער וועג, און גאָט זאָל זיין מיט אייך. אָבער איך ראָט אייך ווידער ווי אַ ברודער: גייט נישט וואו דער טייוול טרייבט אייך!

די פרעמדע פויערן האָבן פּאַמעלעך אַוועקגעשפּאַנט פון דער קרעטשמע.



דער טאַטע האָט באַשלאָסן זיך אָפּן דורכצורעדן מיט די אויפגע־
העצטע פויערן פון דאָרף.

# אַריינפיר

דער טאַטע פלעגט זיך אָפּהאַלטן פון שלאָגן די קינ־דער. קינדער זענען דאָך אָבער פאָרט קינדער — מוז אַ טאַטע זיין אַ טאַטע.

אָבער איינמאָל האָט דער טאַטע מיך באַשטראָפט פאַר אַ חטא, וואָס איך בין נישט באַגאַנגען. שולדיק איז גאָר געווען מיין שוועסטער, די מיזינקע. מיזינקעס זענען אָבער מער באַגליבט ביי טאַטעס. האָב איך אַריינגעכאַפּט די שמיץ.

בשעת דער טאַטע האָט מיך געהאַלטן אויף די קני און געשמיסן מיט אַ ריטל, האָב איך געוואַלדעוועט — נישט אַזוי פון ווייטיק, ווי פון דער נישט־פאַרדינטער שטראָף.

— טאַטע, — האָב איך געשריגן, — וואו איז יושר?

דאָס וואָרט „יושר", וואָס איז אַרויסגעקומען פונעם מויל פון אַן אַכט־יאָריק יינגל, האָט אַפּנים געווירקט אויפן טאַטן. ער האָט מיך אַראָפּגעלאָזט פון די קני, און געזאָגט מיט אַן איינגעהאַלטענעם שמייכל:

— וועסט ליגן איך דר'ערד מיט דיין יושר.

זינט דענצמאָל איז שוין אַריבער אַ האַלבער יאָרהונ־דערט — און מיין טאַטע איז נאָך אַלץ גערעכט.

אָבער אָסור צי איך האָב חרטה.

איך האָב נאָר חרטה, וואָס איך האָב דענצמאָל נישט

געוואוסט ווי צו זאָגן דעם טאַטן, אַז דאָס געפּיל פון יושר האָב איך פון אים טאַקע געירשנט.

פאַרשפּאָר איך שוין צו זאָגן, אַז מיין טאַטע איז געווען אַן אָרעמאַן.

יאָ, אַן אָרעמאַן — אָבער נישט אַ קבצן. דעם חילוק פון אַן אָרעמאַן ביז אַ קבצן, האָט איך טאַקע פון מיין טאַטן געלערנט.

— אַן אָרעמאַן, — האָט דער טאַטע געזאָגט, — איז דער, וואָס האָט נעבעך נישט אַ גראָשן ביי דער נשמה. און אַ קבצן איז דער, וואָס האָט נעבעך אַ גראָשנדיקע נשמה.

ער פלעגט אויך זאָגן:

— ס'איז ביטער צו זיין אַן אָרעמאַן, אָבער ס'אַ שאַנד און אַ חרפּה צו זיין אַ קבצן.

אַזעלכע ווערטלעך האָב איך אָפט געהערט פון מיין טאַטן. טייל פון זיי געדענק איך גענוי ווי ער האָט זיי אַרויסגעזאָגט, און טייל געדענק איך זינלעך, לויט דער השפּעה וואָס זיי האָבן אויף מיר געהאַט.

ער־היום באַגלייטן מיך מיין טאַטנס ווערטלעך ווי אַ ליכט אויף מיינע וועגן. דאָס איז די שענסטע ירושה וואָס ער האָט מיר איבערגעלאָזט.

אָבער אַ גייסטיקע ירושה געהערט נישט נאָר דעם יורש. דערפאַר ברענג איך דאָ מיין טאַטנס ווערטלעך. זאָל דאָס זיין אַ מתנה, וואָס אַ יידישער קרעטשמער פון רומעניע האָט געשאָנקען דער וועלט — דורך זיינעם אַ זון.

1

אַ קריסט האָט געפרעגט דעם טאַטן:
— מיינסט טאַקע, אַז אַלע קריסטן זענען שלעכט, און אַלע ייִדן גוט?
— חלילה! — האָט דער טאַטע געזאָגט. — נישט מער, אַ ייִד איז שלעכט ווען ער איז נישט גוט, און אַ קריסט איז גוט ווען ער איז נישט שלעכט.

2

אַן אַנדער קריסט האָט אַמאָל געפרעגט דעם טאַטן:
— פֿאַרוואָס האָבן ייִדן אַ טבע צו רעדן מיט די הענט? מיר קריסטן האָבן נישט אַזאַ טבע.
— דאָס איז אמת, — האָט דער טאַטע אים גע־ענטפערט. — מיר נוצן די הענט צום רעדן, און איר צום שלאָגן.

3

אַ ייִד האָט זיך באַקלאָגט פאַרן טאַטן:
— אוי, ר' הערש, וואו געפינט מען דעם אמת?
האָט דער טאַטע אים געזאָגט:
— ווער האָט אייך געהייסן אים פאַרלירן?

4

דער טאַטע האָט נישט געהאַלטן פון מציאות. איינ־מאָל האָט די מאַמע אים געוויזן עפּעס, וואָס זי האָט גע־קויפט אין שטאָט.

— וואָס זאָגסטו, הערש? אַ־יאָ ס׳אַ מציאה?

— כ׳וויים נישט, — האָט דער טאַטע געזאָגט. — ביי מיר איז אַ מציאה, ווען מ׳באַצאָלט דעם ריכטיקן פּרייז פאַר דער ריכטיקער זאַך.

5

אַז דער טאַטע פלעגט הערן אַ באַקאַנט ווערטל, פלעגט ער אָפט צוגעבן זיין אייגענעם פּירוש. אויפן ווערטל „קיינער ווייסט נישט וועמען דער שוך קוועטשט", פלעגט ער זאָגן:

— נישט אמת. ווייל דער וועמען סע קוועטשט, לאָזט עס אַלעמען וויסן.

6

אויפן ווערטל „זאָג מיר ווער דיינע פריינט זענען, וועל איך דיר זאָגן ווער דו ביסט", האָט דער טאַטע גע־זאָגט:

— ס׳איז פונקט פאַרקערט: זאָג מיר ווער דיינע שונאים זענען, וועל איך דיר זאָגן ווער דו ביסט. ווייל אַ פריינד קריגט מען אַמאָל דורך אַ צופאַל, אָבער אַ שונא קלייבט מען זיך אַליין אויס.

7

אַז עמעצער פלעגט זיך שטאַרק איילן, פלעגט דער טאַטע זאָגן:

— אַ מענטש וואָס איילט זיך, וועט אפשר אָנקומען שנעלער, אָבער זעלטן אויפן ריכטיקן אָרט.

8

אַ ייד האָט געפרעגט דעם טאַטן:

— וואָס מאַכט איר, ר׳ הערש? ווי גייט עס אייך?

— ווי ס׳דאַרף צו זיין, — האָט דער טאַטע געזאָגט. — אַביסל געוואוין איך זיך צו צו די צרות, און אַביסל לאָז איך אַז די צרות זאָלן זיך צוגעוואוינען צו מיר.

9

ביי אונדז אין דער משפחה איז געווען אַ קרובה, וואָס האָט געהאַט אַ שם פון אַ שלעכטער באַלעבאָסטע, אַ שלומפערקע. ביי איר אין שטוב איז שטענדיק געווען אָנגעוואָרפן.

די מאַמע פלעגט זי פאַרענטפערן:

— כ׳ווייס נישט וואָס מ׳וויל פון איר. כסדר אַרבעט זי, כסדר ראַמט זי.

האָט דער טאַטע געזאָגט:

— אַ גוטע באַלעבאָסטע איז נישט די וואָס ראַמט, נאָר די וואָס וואַרפט נישט אָן.

10

אַ ייד האָט זיך באַקלאָגט פאַרן טאַטן, אַז ער האָט צרות פון זיין ווייב. זי פאָלגט אים נישט.

האָט דער טאַטע אים געגעבן אַן עצה:

— אַז איר ווילט דאָס ווייב זאָל אייך פאָלגן, גיט איר נאָך.

11

אַ סוחר האָט זיך מודה־געווען פאַרן טאַטן:

— איר הערט וואָס איכל אייך זאָגן? מסחר איז שווינדל.

— אמת, — האָט דער טאַטע געזאָגט. — אָבער דער סוחר וואָס ווייסט דאָס, איז אַן אָרנטלעכער מענטש.

12

וועגן פעלערן האָט דער טאַטע געבראַכט אַזאַ משל:

אַ פעלער איז געגליכן צו אַ רעקל. אַז מ׳פאַר־קנעפּלט אַ רעקל און מ׳לאָזט אויס דאָס ערשטע אויבערשטע קנעפּל, וועלן שוין אַלע איבעריקע קנעפּלעך גייען קרום. דערנאָך כאַפּט מען זיך, אַז אונטן איז פאַר־בליבן אַ לעכל אָן אַ קנעפּל. זוכט מען דאָס קנעפּל אונטן, און מ׳חידושט זיך וואָס סע פעלט.

מיט אַ פעלער איז אויך אַזוי. אַז אַ מענטש באַגייט אַ פעלער, באַמערקט ער אים נישט. שפּעטער חידושט ער זיך, פאַרוואָס ער האָט צרות.

13

צו אונדז אין קרעטשמע פלעגט אָפט פאַרפאָרן אַ ייד, וואָס האָט געהאַט אַ טבע צו רעדן צו זיך אַליין. דער טאַטע האָט אים נישט געוואָלט מבייש־זיין, פלעגט ער זיך מאַכן נישט־הערנדיק.

אַ צווייטער ייד, אויך אַ דורכפאָרער, האָט דאָס באַמערקט, און זיך אָפּגערופן צום טאַטן :

— ווי געפעלט אייך דער ייד ? אַ משוגענער, ער רעדט צו זיך אַליין.

האָט דער טאַטע צו אים געזאָגט :

— איטלעכער מענטש האָט צוויי לשונות. מיט איין לשון רעדט ער צו אַנדערע, און מיט איין לשון רעדט ער צו זיך.

14

ביי אונדז פלעגט זיך אָפּשטעלן אַ דאָרף־הענדלער, וואָס איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן, דערצו אַ חלוש, אָבער זייער אַן אָרנטלעכער ייד. ער האָט זיך באַקלאָגט פאַרן טאַטן, אַז ער האָט צרות פון מענטשן. מ׳זידלט אים.

— פאַרוואָס קומט עס מיר, ר׳ הערש ? — האָט דער ייד געטענהט. — כ׳שווער אייך, כ׳בין עס נישט ווערט.

— כ׳גלויב אייך, — האָט דער טאַטע געזאָגט. — אָבער דער בעסטער סימן אַז אַ מענטש איז נישט ווערט געזידלט צו ווערן איז, ווען ס׳אַרט אים נישט.

15

איינמאָל, אין אַ שבת, האָב איך אָנגעטאָן אַ נייעם בגד און אים באַלד פאַרפלעקט. די מאַמע האָט זיך צעשריגן:

— ערשט אָנגעטאָן, און שוין פאַרפלעקט!

איך האָב זיך געפרואווט פאַרענטפערן:

— נאָר איין פלעק, מאַמע. דער ערשטער פלעק.

דער טאַטע האָט דאָס דערהערט, און געזאָגט:

— וויש אָפּ, קינד. אַז מ׳ווישט נישט אָפּ דעם ערשטן פלעק, וועט מען דעם צווייטן שוין נישט אָנזען.

16

מ׳האָט געפרעגט דעם טאַטן:

— וואָס טוט מען מיט אַ ליגנער?

— מיט אַ ליגנער טוט מען צוויי זאַכן, — האָט דער טאַטע געזאָגט. — קודם האָט מען אויף אים רחמנות, דערנאָך היט מען זיך פון אים.

17

אַ פויער האָט זיך געקלאָגט:

— איך בין דאַכט זיך אַזאַ שטאַרקער, און מיין ווייב אַזאַ קליינע און שוואַכע, און דאָך פירט זי מיך ביי דער נאָז. וואו נעמט זיך צו איר אַזאַ כוח?

דער טאַטע האָט אים געזאָגט:

— אַ גרויס כוח נעמט זיך פון איר שוואַכקייט.

18

אַ פויער איז געקומען בעטן אַן עצה ביים טאַטן. דער פויער איז געווען שטאַרק צעטראָגן. דער טאַטע האָט אים געהייסן וואַרטן ביז מאָרגן.

— איך דאַרף די עצה היינט, נישט מאָרגן. — האָט דער פויער געטענהט.

— פאָלג מיך, וואַרט ביז מאָרגן. — האָט דער טאַטע געזאָגט.

— פאַרוואָס מאָרגן?

— ווייל מאָרגן וועסטו די עצה שוין אפשר נישט דאַרפן.

19

איינמאָל איז צורייד געקומען, צי מ׳דאַרף זאָגן אַ ליגנער אַז ער זאָגט ליגן.

— ס׳אַרויסגעוואָרפן די רייד, — האָט דער טאַטע געזאָגט. — ווייל אויב ער וואָלט געקאָנט איינזען וואָס מ׳זאָגט, וואָלט ער לכתחילה נישט געווען וואָס ער איז.

20

אַ פויער האָט זיך באַרימט, אַז ער זאָגט תמיד דעם אמת. האָט דער טאַטע אים געראָטן:

— פאָלג מיך און זאָג עס נישט. מ׳וועט דיר דער־נאָך שוין נישט גלויבן, אַז דו זאָגסט אַפילו צייטנווייז דעם אמת.

21

די מאַמע איז געווען זייער אַ גאַסטפריינדלעכע. אַז אַ גאַסט איז געקומען, האָט זי נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט אים. זי האָט זיך כסדר געראַשט אַרום דעם גאַסט.

איינמאָל האָט דער טאַטע באַמערקט, אַז דער גאַסט פילט זיך נישט באַקוועם וואָס די מאַמע ראַשט זיך אַזוי מיט אים. ווען דער גאַסט איז אַוועק, האָט ער צו איר געזאָגט:

— אַ גאַסט מוטשעט מען נישט. מ׳גיט אים וואָס מ׳דאַרף, און מ׳לאָזט אים צורו.

22

איינמאָל איז דער טאַטע געפאָרן אין שטאָט אַריין און מיך אויך מיטגענומען. אין שטאָט זענען מיר אַריין אין אַ רעסטאָראַן און דער טאַטע האָט באַשטעלט עסן. דאָס עסן האָט אים נישט געשמעקט. חוץ דעם, איז דאָס טישל געווען זייער שמוציק.

פאַרן אַוועקגייען, האָט דער טאַטע צוגערופן דעם קעלנער און אים געפרעגט:

— דער באַלעבאָס איז דאָ?

— ניין, — האָט דער קעלנער געענטפערט. — איר האָט אים נויטיק באַדאַרפט?

— יאָ, — האָט דער טאַטע געזאָגט. — כ׳האָב זיך געוואָלט צעקושן מיט אים, ווייל איך וועל אים שוין מער נישט זען.



יצחק האָראָוויצעס טאַטע־מאַמע, הערש און חנה

23

אין אַ דערבייאיק שטעטל האָט אַ מגיד געהאַלטן אַ דרשה. יידן פון יענעם שטעטל זענען שפּעטער פאַר־בייגעפאָרן אונדזער קרעטשמע און זיך נישט געקאָנט אָפּלויבן פון דעם מגידס קלוגע רייד.

איין ייד האָט באַדויערט וואָס דער טאַטע האָט דעם מגיד נישט געהערט:

— אַ שאָד, ר׳ הערש, וואָס איר האָט אים נישט געהערט. איי האָט ער קלוג גערעדט!

— איך בין זיכער אַז דער מגיד האָט קלוג גע־רעדט, — האָט דער טאַטע געזאָגט. — אָבער קלוגע רייד האָבן נישט קיין מזל, ווייל נאַראָנים פאַרשטייען זיי נישט, און קלוגע דאַרפן זיי נישט.

24

צווישן אונדז קינדער פלעגן אָפט פאָרקומען מחו־לוקתן. מיר פלעגן זיך פאַרעקשנען און נישט וועלן נאָכ־גיבן איינע די אַנדערע. איינמאָל האָט דער טאַטע צו אונדז געזאָגט:

— ברידער און שוועסטער זענען געגליכן צו די פינגער פון אַ האַנט. נישטאָ קיין צוויי אַלצאיינע פינ־גער. אָבער אַז מ׳בויגט זיי אַביסל איין, גלייכן זיי זיך אויס. ברידער און שוועסטער דאַרפן זיך אויך אַביסל „בויגן״, אויב זיי ווילן זיך אויסגלייכן.

## 25

די קינדער וואָס פלעגן ביי אונדז גייען אין חדר אָדער אין שולע, פלעגט דער טאַטע האַלטן אין שטאָט אויף קוואַרטיר. אַהיימקומען פלעגן זיי נאָר אין צייט פון וואַקאַציע, אָדער אויף יום־טוב.

די מאַמע פלעגט זעלטן פאָרן אין שטאָט אַריין, בפרט ווינטער. פלעגט זי שטענדיק אָנזאָגן די קינדער, זיי זאָלן איר שרייבן. די קינדער האָבן צוגעזאָגט, אָבער אַז ס'איז געקומען צום שרייבן, האָבן זיי פאַרגעסן. אַז די מאַמע פלעגט שוין נעמען איבערקלערן, פלעגט זי בעטן דעם טאַטן, ער זאָל פאַר איר אָנשרייבן אַ בריוו צו די קינדער. אָבער דער בריוו האָט אויך נישט גע־האָלפן.

איינמאָל, ווען דער טאַטע איז געקומען אין שטאָט אַריין, האָט ער מיך גענומען אויף אַ שפּאַציר. אויפן גאַס האָט אים באַגעגנט אַ ייד, און געזאָגט:

— אַ גאָט העלף אייך, ר' הערש.

— אַ גוט יאָר, — האָט דער טאַטע געענטפערט.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט דער טאַטע מיך געפרעגט:

— האָסט געהערט וואָס דער ייד האָט געזאָגט?

— יאָ. ער האָט געזאָגט „אַ גאָט העלף".

— וואָס־זשע האָב איך אים געענטפערט?

— דו האָסט אים געענטפערט „אַ גוט יאָר".

— הייסט עס, ווען אַ מענטש רעדט צו דיר, דאַרף מען אים ענטפערן?

— אודאי.

— אַ בריוו, מיין קינד, מיינט אויך גערעדט. וואָס־

זשע לאָזטו די מאַמע רעדן צו דיר און דו ענטפערסט איר נישט ?

פון דענצמאָל־אָן האָט נאָך נישט געטראָפן, אַז איך זאָל קריגן אַ בריוו און תיכף נישט ענטפערן.

26

צוויי יידן האָבן זיך צעווערטלט ביי אונדז אין קרעטשמע. איינער האָט גערעדט שטיל, און דער צווייטער האָט געשריגן.

דער טאַטע האָט געוואָלט מאַכן שלום צווישן זיי, און געזאָגט צום שרייער :

— וואָס טויג עס אייך ? איר זענט דאָך אַ קלוגער ייד.

— כ׳האָב פיינט נאַראָנים ! — האָט דער ייד זיך העכער צעשריגן.

— כ׳פאַרשטיי,— האָט דער טאַטע געזאָגט. — אָבער אַ קלוגער מענטש דאַרף זיך היטן, נישט ווײ־צו־טאָן יענעם מיט זיין שכל.

27

אַן אַלטער ייד, אַ בעל־עבירהניק, האָט זיך באַרימט, אַז ער האָט נאָך דעם זעלבן חשק וואָס אין די יונגע יאָרן.

האָט דער טאַטע צו אים געזאָגט :

— אַן אַלטער מענטש מיט אַ יונגן חשק איז געגליכן צו אַ יונגן לאָשיק וואָס איז איינגעשפּאַנט אין אַן אַלט וועגעלע.

28

דער טאַטע האָט ליב געהאַט אַ וויץ. ער האָט אָבער אויך ליב געהאַט צו זיין ערנסט. איינמאָל, ווען ער האָט געפירט אַן ערנסטן שמועס, און איינער איז אים אַריינגעפאַלן מיט אַ וויץ, האָט ער געזאָגט:

— אַז מ׳וועט אייך פרעגן, וואָס ס׳מיינט אַ לץ, זאָלט איר זאָגן, אַז אַ לץ איז דער, וואָס וויצלט זיך ווען יענער רעדט ערנסט.

29

אַן אַנדערש מאָל האָט ער געזאָגט:

— מ׳דאַרף זיך קיינמאָל נישט וויצלען מיט איינעם, וואָס מ׳קאָן מיט אים נישט זיין אויך ערנסט.

30

אַז אַ ברודער האָט באַדאַרפט פאָרן אין שטאָט אַריין איינקויפן סחורה פאַר דער קרעטשמע, פלעגט דער טאַטע מיט אַ נאַכט פריער זיך אָוועקזעצן מיט אים אויסמאַכן אַ צעטל. אינדערפרי, איידער דער ברודער איז אָוועקגעפאָרן, פלעגט דער טאַטע זיך דערמאָנען נאָך עפעס וואָס מ׳דאַרף איינקויפן. פלעגט ער הייסן דעם ברודער פאַרשרייבן.

— כ׳דאַרף נישט פאַרשרייבן, — האָט דער ברודער געזאָגט. — איך געדענק עס אויפן קאָפּ.

— צו־וואָס דאַרפסטו טראָגן אין קאָפּ אַזעלכע פראָסטע זאַכן? — האָט דער טאַטע געזאָגט. — פאַרשרייב.

31

אַ ייד איז געקומען בעטן אַ טובה ביים טאַטן.
דער ייד האָט גערעדט מיט הכנעה.

— פאַרוואָס באַליידיקט איר מיך? — האָט דער טאַטע געזאָגט.

— גאָט איז מיט אייך! — האָט דער ייד אויסגעשרופן. — וואָס הייסט איך באַליידיק אייך?

— אודאי באַליידיקט איר מיך, — האָט דער טאַטע געזאָגט. — ווייל מיט הכנעה רעדט מען נאָר צו אַ רשע.

32

אין אונדזערע מקומות איז געווען אַ ייד אַ דאָרף־הענדלער, וואָס האָט געהאַט אַ שלעכטן שם. מ'האָט אים געהאַלטן פאַר נישט קיין אָרנטלעכן מענטש. אַזוי ווי דער טאַטע האָט פיינט געהאַט רכילות, פלעגט ער זאָגן, אַז ער וויל נישט גלויבן וואָס מ'זאָגט אויף דעם יידן ביז ער אַליין וועט זיך איבערצייגן אין דעם.

איין מאָל איז מיין טאַטן אויסגעקומען צו האַנדלען מיט יענעם יידן. דער ייד, וויסנדיק זיין שלעכטן שם, האָט זיך גענומען פאַרענטפערן פאַרן טאַטן. האָט דער טאַטע צו אים געזאָגט:

— יאַ, כ'האָב געהערט אַ סך שלעכטס וועגן אייך. ס'קאָן אָבער זיין, אַז דאָס איז כולו רכילות. וועל איך אייך „פאַרשרייבן" הונדערט. דאָס הייסט, איך נעם־אָן אַז איר זענט אָרנטלעך פולע הונדערט פראָצענט. איצט, אַז איר ווילט „אַראָפּדינגען" פון די הונדערט פראָצענט, איז די ברירה ביי אייך.

33

מיינער אַ ברודער, וואָס האָט שטודירט אין אוני־ווערזיטעט, איז געווען אַ פאַרברענטער סאָציאַליסט. ווען ער פלעגט אַהיימקומען אויף וואַקאַציע, פלעגט ער כסדר רעדן פון זיינע סאָציאַליסטישע אידייען. זייענדיק אַ יונגער סטודענט און וועלנדיק אַרויסווייזן זיין קענטעניש, פלעגט ער אין איינוועגנס אויך רעדן פון אַ סך אַנדערע אידעאַלן.

דעם טאַטן זענען די אַלע זאַכן נישט געווען פרעמד. אָבער איינמאָל, ווען דער ברודער האָט זיך שטאַרק צע־קאָכט וועגן די פאַרשידענע אידעאַלן, האָט דער טאַטע געבראַכט אַזאַ משל:

— אַמאָל איז געווען אַ גאָלדן רענדל. דאָס רענדל האָט געהייסן בטחון. האָבן מענטשן צעביטן דאָס גאָל־דענע רענדל אויף קופערנע גראָשנס. איצט פאַרמאָגט די וועלט אַ סך אידעאַלן, און ווייניק בטחון.

34

ביי אונדז אין קרעטשמע האָבן זיך אָפּגעשטעלט צוויי בעלי־עגלות, וואָס האָבן געפירט תבואה אין שטאָט אַריין. דער טאַטע האָט באַמערקט, אַז איינער פון זיי נוצט כסדר דאָס וואָרט „בקיצור״. האָט ער שטילערהייט אַ זאָג־געטאָן צו דער מאַמען:

— פאַר דעם יידן האָב איך מורא.

— וואָס עפּעס ? — האָט די מאַמע געפרעגט.

— ווייל אַ ייד וואָס נוצט כסדר דאָס וואָרט „בקיצור״, מוז זיין אַ נודניק.

35

אײנער האָט באַדויערט וואָס ער האָט פֿאַרלוירן אַ פֿרײַנד. האָט דער טאַטע צו אים געזאָגט:

— נישט תמיד דאַרף מען באַדויערן ווען מ׳פֿאַרלירט אַ פֿרײַנד. פֿאַראַן אַזוינע פֿרײַנד, וואָס אַז מ׳פֿאַרלירט זײ, איז עס אַ גרויסער געווינס.

36

דער חולה וויל וויסן ווי קראַנק ער איז. דער רופֿא וויל וויסן, וויפֿיל געזונט ס׳איז נאָך פֿאַרבליבן אין דעם חולה.

37

אַן אָרענטלעכער מענטש וואָס זאָגט אַ ליגן, איז געגליכן צו אײנעם, וואָס גײט מיט קרומע טריט אויף אַ גלײַכן וועג. אַ ליגנער וואָס זאָגט דעם אמת, איז גע־גליכן צו אײנעם, וואָס גײט מיט גלײַכע טריט אויף אַ קרומען וועג.

38

ווען צוויי שוואַכע מענטשן קומען זיך צונויף, ווערן זײ צוויי מאָל שוואַכער ווי זײ זענען.

39

זוך נישט קײן אמתע ווערטן אויף פֿאַלשע וואָג־שאָלן.

קאַבזאַר — אַ דאָרפס־קלעזמער וואָס שפּילט אויף אַ קאָבזע — אַ באַגלייט־אינסטרומענט מיט פיר סטרונעס, ענלעך צו אַ מאַנדאָלינע.

פריזבע — אַן אָפענער ליימענער גאַניק.

קעניצע — ברונעם (יידישער לאָקאַליזם)

איצאַרעס — געפּאַסטע הויזן פון ווייסן לייוונט, אַ טייל פון דער נאַציאָנאַלער רומענישער הלבשה.

פרונזע ווערדע — גרינער בלאַט — לייט־מאָטיוו צו דאָס רוב רומענישע פאַסטעך־לידער.

דוינע — פאַסטעך־ליד.

סירבע — פריילעכער פאָלקס־טאַנץ.

אַפּאָרעט — אָפּגעטאָן, דערליידיקט (יידישער לאָקאַליזם).

פאַטלעזשעלעס — גרינע פּאָמעדאָרן.

בארקאניקעס — גרויסע ערדענע קרוגן.

בולובאשא — ראש פון אַ ציגיינער־מחנה.

פאַפּושויענע מעל — קוקורוזע מעל.

וואַשקעס — לייצעס (יידישער לאָקאַליזם).

מאַלייעלע — אַ קליין פלאַך געבעקס פון קוקורוזע מעל און צוקער.

טורטעלע — אַ קיכעלע.

קלעשטעס — אייזערנע צוואַנגען אויף אָנצונעמען הייסע קוילן פון פריפעטשיק.

היידוק — אַן אַמאָליקער ראָמאַנטישער באַנדיט וואָס פלעגט באַ־ראַבעווען רייכע פריצים און צעטיילן דעם רויב צווישן די אָרעמע פויערן. (פּאַנאיט איסטראַטי רופט די היידוגן: „באַנ־דיטן מיט אַ סאָציאַלן באַוואוסטזיין”).

קימיר — אַ ברייטער לעדערנער גאַרטל.

זשידאַן — ייד (אַנטיסעמיטישער אויסדרוק).

גאָספּאָדאַרן — דאָרפס־באַלעבאַטים.

דאַווילא טראָפּנס — שטאַרקע ביטערלעך־זיסע טראָפּנס מיט אַ טעם פון מענטע.

קאָבריצלעך — קליינע וואָלענע האַנט־געוועבטע טעפּעכער.

פּאָסעסאָרם — די וואָס האַלטן אין אַרענדע פּריצישע גיטער.

רענדאַרן — דאָפּס־יידן, ישובניקעס.

דעקא — אַ כלי פון צען ליטער.

סטרעזשער — אַ שומר.

## פון דעם זעלבן מחבר

וועגן משה נאַדיר, 1918.

דאָס קול פון די שטומע (דראַמע), 1920.

וואָס מיר זענען בלייבן מיר (קינדער־פּיעסע), 1928.

דער שניי־מענטש (קינדער־פּיעסע), 1928

פּרנסה־געבער און<br>ווען דער לערער איז נישטאָ } (קינדער־פּיעסן), 1929.

דער נביא, פון קאַליל גיבראַן (איבערזעצונג), 1929

טעג און נעכט מיט פּאנאיט איסטראַטי, 1940.

וואונדער־מעשות, פון דזשיאַן באַטיסטא באַסילע (באַאַרבעטונג), 1946.

מיין טאַטנס קרעטשמע, 1953

## צייכענונגען און בילדער וואָס געפינען זיך אין בוך